פארלאַג „פרייע רוסלאַנד"

# דער
# באָלשעוויסטישער
# גן-עדן אין רוסלאַנד

(פאַקטען און דאָקומענטען וועגען
דער לאַגע אין סאָוועטען-רוסלאנד)



ארויסגעגעבען פון
„פאַראיין פאַר דער אויפלעבונג פון א
פאראייניגטער דעמאָקראַטישער רוסלאנד"

ניו יאָרק, 1919.

# אינהאַלטס־פערצייכניס:

זייט

פאָרוואָרט — — — — — — — — — — — — — — — — 3

1. — דער 25טער אָקטאָבער (7טער נאָוועמבער), 1917 — — — 5

2. — דעמאגאָגיע געגען דעמאָקראַטיע — — — — — — — 11

3. — די באָלשעוויקעס און די גרינדונגס־פארזאמלונג — 15

4. — באָלשעוויזם און דעמאָקראַטיע — — — — — — — — — 26

5. — בירגערליכע פרייהייטען אין סאָוועטען רוסלאַנד — — — 38

6. — דער רויטער טעראָר געשילדערט פון די באָלשעוויקעס אַליין — — — — — — — — — — — — — — — — 43

7. — דאָס רוסישע דאָרף אונטער'ן סאָוועטען רעזשים — — — 53

8. — די עקאָנאָמישע רעזולטאַטען פון באָלשעוויזם — — — 61

9. — די רוסישע אַרבייטער געגען די באָלשעוויקעס — — — — 74

10. — דאָס לעבען אין סאָוועטען־רוסלאַנד, געשילדערט פון א פראַנצויזישען סאָציאליסט, פון א דייטשען אונאָפּ־הענגיגען סאָציאליסט און פון א רוסישען סאציאל־דע־מאָקראַט — — — — — — — — — — — — — — — 82

11. — רוסלאַנד, ווי אַן ענגלישער טרייד יוניאניסט האָט זי געזעהן — — — — — — — — — — — — — — — — 93

12. — דער „פּאַראייניגטער סאציאליסטישער פראָנט אין רוס־לאַנד" — — — — — — — — — — — — — — — 102

# פאָרוואָרט.

דאָס בוך איז באַשטימט פאַר אויפריכטיגע מענשען, וואָס ווילען וויסען דעם אמת וועגען רוסלאנד און באָלשע־וויזם. מיר לייגען זיי פאָר פאַקטען, פאַקטען און פאַקטען, און זאָלען זיי זיך אַליין פאנאנדערקלייבען. פאַקטען זיינען אומפּארטייאישע עדות, און די לעזער, אויסהערענדיג זיי, זאָלען אַרויסטראָגען זייער אייגענעם אורטייל איבער'ן באָל־שעוויזם.

פון אמת טאָר מען ניט אַנטלויפען. אָבער דאָס טוען זיי, די „ראַדיקאַלען" פון געוויסען סאָרט. זייער ראַדיקאַליזם איז געשטיצט אויף גראָבער אומוויסענהייט — אויף אַבזיכט־ליכער אומוויסענהייט. זיי פארמאַכען אומישנע די אויגען, ווען מען ברענגט זיי שטעכענדיגע באַווייזען, אַז רוסלאַנד ווערט חרוב אונטער טיראַנישער הערשאַפט, אַז טעראָר קאָ־סעט לינקס און רעכטס, אַז סאָציאַליסטען ווערען געמאַטערט אין געפענגניסען און פארפייניגט אין טויט אריין.

ניין, דאָס ווייסען זיי ניט, דאָס ווילען זיי ניט וויסען. אזוי האנדלען אומהערליכע מענשען. זיי האָבען מורא, אַז דער אמת וועט שעדיגען זייערע „העכסט ראַדיקאַלע אַנשויאונגען", מיט וועלכע זיי פיינען זיך אויס פאַר דער אידישער גאַס. עס קאָסט זיי דען טייען זייער העלדישקייט? וואָס דערלעגען זיי צום עסק? מיר האָבען אָבער שוין גע־זעהן, וואָסערע העלדען זיי זיינען. באָלשעוויקעס פאַר רוס־לאַנד, זיינען זיי פארציטערטע געוואָרען, ווי נאָר עס האָט גענומען שמעקען מיט סכנה דאָ. טרויעריגע העלדען!

געוועהנליך, ווען מען שפּאַרט זיי צו צו דער וואַנט מיט פאַקטען, דרעהען זיי זיך אַרויס מיט אַ תירוץ: קאַפּיטאַליס־טישע בלאָפס! נעגען די פאַקטען וואָס מיר האָבען אָנגע־זאַמעלט אין דעם בוך, וועט אָט דער פוילער תירוץ ניט העל־פען. דאָס זיינען ניט קיין מעשיות פון קאַפּיטאַליסטישע רעפּאָרטערס, נאָר דאָקומענטען אַרויסגענומען מעהרסטענס פון באָלשעוויסטישע צייטונגען וואָס ערשיינען אין רוסלאַנד. קיין איין דאָקומענט פון אַ בורזשואַזער צייטונג, אַלע — פון סאָציאַליסטישע צייטונגען! און זאָלען קומען זייערע „עקס־פּערטען" איבער רוסישע אַנגעלעגענהייטען, וועלכע זיינען

געוועז אַנטי־באָלשעוויקעס אין כארבין און זיינען געוואָרען באָלשעוויקעס דאָ, ווען זיי האָבען באַקומען שטעלעס אין די היגע באָלשעוויסטישע צייטונגען, זאָלען זיי קומען און די דאָקומענטען אָפּלייקענען! זאָלען זיי אויך רופען צו הילף די באָלשעוויסטישע פּרעס־אַגענטען, וועלכע קענען ניט לעזען און שרייבען רוסיש — וואָס וועלען די אָרימע זאָגען אויף דעם? מען האָט זיי אין רוסלאַנד די דאָזיגע דאָקומענטען זיכער ניט געוויזען, ניט פאָרגעלייענט און ניט איבערזעצט!

זאָל דער עהרליכער, אויפריכטיגער לעזער די דאָקומענטען אויפמערקזאם דורכלייענען און אַליין זיך איבערצייגען, צו דער באָלשעוויזם איז א גן־עדן אָדער אַ גהינום. זאָל ער לעזען און זעהן, וואָס פּאַר אַ פאַרברעכען עס באַגעהן די דעמאַגאָגען פון דער היגער „סאָציאַליסטישער" פּרעסע, וועלכע ווילען איינרעדען דעם עולם, אַז אין ר ו ס ל א נ ד ה ע ר ש ט ד ע ר ס אָ צ י אַ ל י ז ם!

# 1. — דער 25טער אָקטאָבער (7טער נאָוועמ־ בער), 1917.

אין דער אמעריקאנער פּרעסע ווערען אָפט געמאַכט פאַרזוכען פאַרצושטעלען די באָלשעוויקעס און די רעגיערונג פון די אַזוי גערופענע פאָלקס־קאָמיסאַרען אַלס אַ ווירקליכע פאָלקס־רעגיערונג, וועלכע רעפּרעזענטירט די אמת'ע האַרע־ווענדע רוסלאַנד, און פיעלע, גאָר פיעלע דענקען טאַקע, אַז די גאַנצע ארבייטענדע מאַסע דורך איהרע פאַרשטעהער האָט זי ערוועהלט.

נאָר דאָס איז אַ גרויסער טעות.

אין אָקטאָבער מאָנאַט, נאָכדעם ווי די נייע וואהלען צום פּעטראָגראַדער סאָוועט פון ארבייטער און סאָלדאַטען דעפּוטאַטען האָבען געגעבען די באָלשעוויקעס אַ מאַיאָריטעט און האָבען אַוועקגעשטעלט אין שפּיץ פון סאָוועט טראָצקי'ן, אַלס פּאָרזיצענדען, האָט דער פּעטראָגראַדער סאָוועט אויס־געטיילט פון זיך אַ מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט, וועלכער האָט גענומען האנדלען אין נאָמען פון פּעטראָגרא־דער סאָוועט און אין אָפּאָזיציע צום אַל־רוסישען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די סאָוועטען פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען און אויך אין אָפּאָזיציע צום צענטראַלען עקזע־קוטיוו קאָמיטעט פון אַל־רוסישען סאָוועט פון די פּויערים־דעפּוטאַטען, וועלכע האָבען זיך ארויסגעזאָגט געגען פאַר־כאַפּען די מאַכט און פאַר דער פאררופונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

איז דאָס געווען ווייניג, איז אויף דער איניציאַטיווע פון פּעטראָגראַדער סאָוועט און אויף צו להכעיס די פּראָ־מעסטען פון די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציאָ־נערער דעמאָקראַטיע פאַררופען געוואָרען דער צוזאַמענ־פאָהר פון די סאָוועטען, אויף וועלכען פיעלע ניט באָלשע־וויקעס זיינען ניט געקומען, ווייל ערשטענס זיינען די צענט־ראַלע אָרגאַנען געווען געגען דער באַרופונג פון צוזאַמענ־פאָהר און, צווייטענס, זיינען די טוער נויטיג געווען אויף די ערטער, וואו עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבען די צוגרייטונגס־קאַמפּאַניע צו די וואַהלען אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

און נאָך מעהר: דער פעטראָגראַדער סאָוועט פון אר־בייטער און סאָלדאטען־דעפוטאטען, וועמען עס געהערט דער פלאַן פון דער איבערקעהרעניש און פון דער מאַכט־פארכאַ־פונג, האָט גלייך גענומען און דורכגעפיהרט די איבערקעה־רעניש, ניט דערוואַרטענדיג זיך אפילו די ערעפנונג פון דעם כאָוועטען־צוזאמענפאָהר, וועלכען ער אליין האָט פאררופען.

דערמיט האָט ער געהאַנדעלט געגען דעם קלאָר און באשטימט אויסגעדריקטען ווילען פון די פאָרשטעהער פון אַלע סאָוועטען אין דער פּערזאָן פון די צענטראַלע עקזעקו־טיוו קאָמיטעטען פון די סאָוועטען פון די ארבייטער, סאָל־דאטען און פויערים־דעפוטאטען, וועלכע האָבען גאַנץ ענט־שיעדען זיך ארויסגעזאָגט געגען דער פאררופונג פון צוזאַ־מענפאָהר. א גאנצע רייה אָרגאַניזאציעס פון פראָנט און הינטער דעם פראָנט, דער גארניזאָן האָבען קלאָר און דייט־ליך ערקלעהרט, אז פאררופען דעם צוזאַמענפאָהר כמעט ערב דער פאררופונג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג איז אבסאָ־לוט ניט אין צייט. די גאנצע סאָציאַליסטישע פּרעסע האָט אין איין קול גערעדט, אז דער צוזאַמענפאָהר איז ניט נויטיג. דאָס אַלץ האָט זיי ניט געאַרט. דער צוזאַמענפאָהר איז דאָך פאררופען געוואָרען.

א טייל דעלעגאַטען איז שוין געווען צונויפגעקומען. אויב אזוי, האָט מען, דאכט זיך, געמעגט אָפּווארטען מיט דעם באשלוס וועגען פאַרכאַפּען די מאַכט און איבערגעבען זי צום סאָוועטען־צוזאַמענפאָהר; אָפּוואַרטען ביז דער צו־זאַמענפאָהר וועט זיך ארויסזאָגען, צי האַלט ער פאר צייט־מעסיג און ניצליך פאַר די אינטערעסען פון דער רעוואָלוציע און דעמאָקראַטיע צו מאַכען די איבערקעהרעניש, דורכצו־פיהרען אַזאַ געפעהרליכען עקספּערימענט דוקא איצט, פּונקט פיער וואָכען פאַר דער גרינדונגס־פארזאמלונג, דעם איינציג־געזעצליכען בעל־דעה איבער דעם רוסישען לאנד.

אָבער ניין. מען האָט זיך צוגעאיילט.

כאָטש דער צוזאַמענפאָהר האָט זיך צוזאמענגעקליבען אונטער דער פאָהן פון באָלשעוויזם, האָט דער פעטראָגראַ־דער סאָוועט דאָך זיך ניט דערוואַרט די ערעפנוג פון צוזאַ־מענפאָהר, אום אויסצוהערען די מיינונג פון די ארבעטער און סאָלדאטען דעלעגאטען אין דער פראגע פון מאַכט־פאר־

כאפונג דורך אַ קליינער גרופּע. מען האָט באַשלאָסען דאָס צו טאָן אָהן איהם.

און אַזוי איז די מאַכט־פאַרכאַפּונג געווען בלויז און אויסשליסליך דער אויפטו פון פּעטראָגראַדער סאָוועט, און אפילו אין דעם פּעטראָגראַדער סאָוועט גופא זיינען געווען ניט וועניג פּראָטעסטאַנטען.

אַז די באָלשעוויסטישע איבערקעהרעניש איז דורכגעפיהרט געוואָרען אָהן דער גוטהייסונג און געגען דעם ווילען פון דער גאַנצער אָרגאַניזירטער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע, איז אַם קלאָרסטען צו זעהן פון פאָלגענדען לייט־ארטיקעל, וואָס איז דעם 25טען אָקטאָבער 1917 (דעם טאָג פון דער באָלשעוויסטישער איבערקעהרעניש) ערשינען אין „איזוועסטיא", דעם אָפיציעלען אָרגאַן פון דעם צענטראַלען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון אַל־רוסישען סאָוועט פון אַרבייטער־ און סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען:

## „אַ וואַהנזיניגע אַוואַנטיורע

(לייט־ארטיקעל פון דער „איזוועסטיא" פון צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון די סאָוועטען פון ארבייטער און סאָלדאַטען דעפּוטאַטען, פון 25טען אָקטאָבער (7טער נאָוועמבער) 1917.)

„עס זעהט אויס, אַז אַלע רייד און טענות זיינען אומזיסט, און דער באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד, געגען וועלכען מיר האָבען די גאַנצע צייט געוואָרענט, אַלס אַ שווידערליכען עקספּערימענט פאַר'ן לאַנד, ווערט אָרגאַניזירט. ער האָט זיך שוין אָנגעהויבען. דריי וואָכען פאַר די וואַהלען צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און אַ פּאָר טעג פאַר דעם צוזאַמענפאָהר פון די סאָוועטען האָבען די באָלשעוויקעס באַשלאָסען צו מאַכען אַ נייע איבערקעהרעניש.

זיי שטיצען זיך אויף דער ברייט־צוגאָסענער אומצופרידענהייט, אָבער אויך אויף דער ברייטער אומבאַוואוסטזיניגקייט פון די סאָלדאַטסקע און אַרבייטער מאַסען. זיי דאָבען די געוואַגטקייט צו פאַרשפּרעכען דעם פאָלק ברויט און פרידען און לאַנד. מיר האָבען דעם מינדסטען צווייפעל ניט, אַז קיין איינע פון די פאַרשפּרעכונגען וועלען זיי ניט אימשטאַנד זיין צו ערפילען, אפילו ווען זייער פאַרזוך זאָל זיך קרוינען מיט ערפאָלג. זיי קענען ניט געבען קיין ברויט דער שטאָדטישער באַפעלקערונג, ווייל ברויט ווערט

צוגעפיהרט ווענינ און מעהר קען ניט צוגעפיהרט ווערען צוליעב דעם צרה'דיגען צושטאנד פון די אייזענבאהנען.

אָבער ברויט קען און וועט נאָך וועניגער צוגעפיהרט ווערען, ווייל די אנארכיע וועט זיך פארשטארקען. דערפאר וועט דער ערשטער פועל יוצא פון באָלשעוויסטישען אויפ־שטאנד זיין די פארערגערטע פראָוויאנטירונג פון די שטעדט און פון דער ארמעע. און די פארערגערונג וועט איבערגעהן אין פאָלשטענדיגען הונגער, ווען די באָלשעוויקעס זאָל ווירק־ליך זיך איינגעבען צו פארכאפען די מאכט; ווייל די באָל־שעוויסטישע רעגירונג וועלען דאָך קיינמאָל ניט אנערקענען די ווייטע דרום־סטעפּעס; עס וועלען איהר ניט געבען קיין ברויט די יעניגע, וועלכע שפּייזען רוסלאנד, ווייל די פראגע פון פּראָוויאנטירונג איז אַ פראגע פון אָרגאניזאציאָן, און ווער קען צווייפלען אין דעם, אַז די אָרגאניזאציאָן וועט אימפּארמיידליך צושטערט ווערען ביי דעם אומפארמייד־ליכען בירגער־קריעג, און וועט אין גאנצען צוזאַמענפאלען, ווען די מאכט וועט פארכאפּט ווערען פון מענשען, וועלכע האָבען קיינמאָל זיך ניט באטייליגט אין פּראקטישער רע־גיערונגס־ארבייט, וועלכע האָבען דעם מינדעסטען באגריף ניט וועגען דעם. יא, דורך קאָנפיסקירען די זאפּאסען אין די מאגאזינען און קלייטען קען מען אפשר קאָרמענען די באפעלקערונג פון דער הויפּט־שטאָדט אַ טאָג אָדער צוויי. אָבער ווייטער ניט מעהר. דערנאָך וועלען קומען הונגער־בונטען און פּאָגראָמען. קיין אנדער לייזונג פון דעם פּראָ־וויאנט־פּראָבלעם זיינען די באָלשעוויקעס ניט בכח צו געבען, אפילו זיי זאָלען אָנשטרענגען זייער גאנצע ענערגיע.

וואָס שייך די ערד, קען דער איבערגאַנג פון די ערד אין די הענד פון די ארבייטענדע מאַסען פּאָרקומען אויף צוויי וועגען: אָדער דורך ארויסגעבען ענטשפּרעכענדע געזעצען און דורך אַ רעגעלמעסיגער אָרגאַניזירונג פון דער פארטיי־לונג פון דער ערד, אָדער אַז די פּויערים זאָלען איינפאך פארכאפּען די ערד. וואָס איז שייך דעם ערשטען וועג, מיינט עס ניט נאָר אויסארבייטען און ארויסגעבען אַזאַ געזעץ, נאָר אויך באשאפען אויף די ערטער לאַנד־קאָמיטע־טען, וואָס ארבייטען לויט אַ געוויסען פּלאַן אויפ'ן גרונד פון סטאטיסטיק פון לאַנד און באפעלקערונג. ווי קענען דאָס די באָלשעוויקעס אָרגאניזירען, ווען זיי האָבען ניט און האָבען קיינמאָל ניט געהאַט קיין לאַנד־ווירטשאפטליכע אָרגאניזאציעס, ווען זיי האָבען ניט און האָבען קיינמאָל ניט

געהאַט קיין מאַיאָריטעט ניט אין די זעמסטוואָס און ניט אין די וואָלאָסטען! דאָס העכסטע, וואָס זיי קענען טאָן, איז אַרויסגעבען אַ דעקרעט אין צוויי ווערטער: פּאַרכאַפּט לאַנד! און אַלס רעזולטאַט דערפון קענען זיך בלויז באַ־קומען אַגראַרישע אומרוהען, לאַנד־פּאָגראָמען, וועלכע זיי וועלען פון שטאַט וועגען אָנרופען אַגראַרישער אויפשטאַנד. אָבער דאָס מיינט בשום אופן ניט, אַז דאָס לאַנד וועט איבערגעגעבען ווערען צו די האָרעפּאַשניקעס. אין דעם פאַל וועט נעהמען דער וואָס וויל און ניט דער, וואָס דאַרף.

אָן אַלגעמיינער פּאָגראָם אויף די גיטער מיינט נאָך ניט די פאַרטיילונג פון לאַנד. די לאַנדלאָזע פּויערים וועלען אין זייער געוואַלדיגער מאַיאָריטעט דערביי נאָך אַלץ בליי־בען לאַנדלאָז, ווי פריהער. אַלענפאַלס, די יעניגע, וועלכע זיינען מעהר פון אַלעמען בארעכטיגט געווען צו ערוואַרטען די פאַרטיילונג פון לאַנד, נעמליך די סאָלדאַטען פון דער אַקטיווער אַרמעע, די וועלען בלייבען ביי גאָרנישט. נאָך דער אומאָרגאַניזירטער אָגולנער לאַנד־פאַרכאַפּונג וואָלט זיי אויסגעקומען מיט וואַפען אין די הענד זיך צו ערקאָבערען לאַנד אין זייער אייגענעם דאָרף, אָדער שכנישען דאָרף, אָדער ערגעץ אנדערשוואו אין דער פרעמד.

די פאַרכאַפּונג פון לאַנד איז ניט יענע גרויסע לאַנד־געזעצגעבונג, וואָס די רעוואָלוציאָנערע אַרמעע איז פריהער פון אַלעמען בארעכטיגט צו ערוואַרטען, נאָר אַ באַרבאַריי, וועלכע קען נאָר ברענגען, וועניגסטענס פאַר דער ערשטער צייט, בלויז צו דער פאַראָרימונג פון לאַנד.

ניט בעסער האַלט עס מיט דעם פריעדען. אויף אַן אומאָרגאַניזירטען וועג, דורך פאַרברידערונג, קען מען מאַ־כען אַ סוף צו דער שיסעריי אויף איינצעלנע טיילען פון פראָנט. מען קען אַוועקגעהן פון יענע פראָנט־טיילען און געבען דעם שונא אַ מעגליכקייט אַרומצורינגלען די געבלי־בענע אויף די פּאָזיציעס, אויס׳הרג׳ענען זיי אָדער נעהמען זיי אין פּלען. מען קען עפענען דעם פראָנט פאַר׳ן שונא און געבען איהם אַ מעגליכקייט צו פאַרנעהמען נייע טערי־טאָריעס. אָבער שליסען פריעדען אויף אַזאַ אופן קען מען ניט. שליסען פריעדען קען נאָר דער שטאַאַט. און דער־פון קען נאָר זיין וועלכער עס איז אויסזיכט אויף ערפאָלג, ווען דער שטאַאַט איז איינינג און שטאַרק, ווען דער שטאַאַט איז רעספּעקטירט פון די פאַרבינדעטע און פון די שונאים. אָבער מיט אַ לאַנד, וואָס געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון

בירגער־קריעג וועט קיינער קיין פריעדען ניט שליסען, ווייל עס האָט קיין זין ניט אָן אָפּמאַך מיט אַ ניט־אַנערקענטער רעגיערונג. אין דעם פאַל, ווי דער שונא זאָל ניט וועלען פריעדען, וועט זיך איהם פּשוט ניט לוינען צו שליסען פריע־דען, ווייל דורך פאַרטזעצען די מלחמה קען ער פיעל מעהר פאַרבעסערען זיין מיליטערישע לאַגע און פאַרזיכערען פאַר זיך אין אַלגעמיין אַ גינסטיגע פּאָזיציע. און אויסער דעם, ווי מיר האָבען עס געזעהן דעם זומער, פיהרט יעדער מילי־טערישער ערפאָלג פון דער דייטשער אַרמעע צו דער פאַר־שטאַרקונג פון דער רעאַקציע אין דייטשלאַנד, באַפעסטיגט די לאַגע פון ווילהעלמ׳ען און דערווייטערט דורך דעם די מעגליכקייט פון אַ דעמאָקראַטישען פריעדען. די באָלשע־וויקעס פאַרשפּרעכען אַ ראַדיקאַלען פריעדען. אין דער אמת׳ען קענען זיי נאָר ברענגען צו דער באַלדיגער אויס־ליפערונג פון גאַנץ רוסלאַנד צו ווילהעלמ׳ען, ווי זיי זאָלען דאָס ניט וועלען און ווי זיי זאָלען מיט אַלע זייערע כחות זיך ניט וועהרען געגען דעם. די לאָגיק פון די געשעהע־ניסען, וועלכע איז שטאַרקער פון דעם מענשען׳ס ווילען, וועט פיהרען דערצו.

אָבער דאָס ערגסטע איז, וואָס דער באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד, וואָס פאַר אַן ערפאָלג ער זאָל ניט האָבען, וועט ברענגען צו אַ גאַנצער רייהע פון בירגער־מלחמה, סיי צווישען די פאַרשיעדענע געגענדען און סיי אין יעדער געגענד באַ־זונדער. עס וואָלט ביי אונז גענומען הערשען אַ רעזשים פון פויסט־רעכט — טעראָר פון רעכטס אין איין אָרט און טעראָר פון לינקס אין אַ צווייטען אָרט. יעדע קאָנסטרוק־טיווע אַרבייט וואָלט פאַר אַ לאַנגע צייט געוואָרען אונמעג־ליך, און אין רעזולטאַט פון אַנאַרכיע וואָלט די מאַכט פאַר־כאַפּט געוואָרען פון ערשטען בעסטען אַוואַנטוריסט, און די פינסטערע מאַסען — מיר האָבען נאָך גענוג פינסטערע מאַסען — וואָלטען זיך אומגעקעהרט צו ניקאָלאַי דעם 2טען, אַלס דעם ערלייזער פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָט ניט געקענט געבען דעם פאָלק, וואָס זי האָט פאַרשפּראָכען.

שוין זשע איז ניט קלאָר, אַז דיקטאַטור און טעראָר איז ניט קיין וועג צו אָרגאַניזירען דאָס לאַנד? און בלויז דערצו קען אונז פיהרען אַ באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד.

שוין זשע איז ניט קלאָר, אַז דיקטאַטור און טעראָר פון איין פאַרטיי, מעג זי זיין די סאַמע לינקסטע, וועט ביי דער

גרעסטער מאיאָריטעט פון דער באפעלקערונג זיין פונקט אזוי פארהאסט, ווי די זעלבסט-הערשאפט?
און שוין זשע איז ניט קלאָר, אַז דער פארזוך פון אַן אויפשטאנד, אין דער צייט ווען עס געהען אָן די פאָרברייטונגען צו די וואהלען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג, קען נאָר דערפאר ניט אָנגערופען ווערען פארברעכען, ווייל דאָס איז אבסאָלוטער וואהנזין?"
עס איז, אַלזאָ, קלאָר, אַז די אָקטאָבער־איבערקעהרעניש איז דורכגעפיהרט געוואָרען ניט פון גאַנצען פאָלק און ניט אפילו פון גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, נאָר פון א גרופּע רעוואָלוציאָנערע אַוואַנטוריסטען געשטיצט בלויז פון אַ טייל אַרבייטער און אַ טייל גאַרניזאָן, געגען די פּראָטעסטען פון די צענטראַלע אָרגאַנען פון דער דעמאָקראַטיע.
פינף און זיבעציג פּראָצענט, וואָס דער אויבען־געבראַכטער לייט־אַרטיקעל האָט פאָראויסגעזאָגט, איז פארווירקליכט געוואָרען, און די איבעריגע פינף און צוואַנציג פּראָצענט האַלט ביים פארווירקליכט ווערען.

---

## 2. — דעמאַגאָגיע געגען דעמאָקראַטיע.

אום צו מאַכען די איבערקעהרעניש און צו פארכאַפּען די מאַכט, האָט זיך אייגענטליך ניט פיעל געפּאָדערט. עס איז גענוג געווען צו געווינען אַ טייל פון פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן און מיט זיין הילף צו שטירצען די צייטווייליגע רעגיערונג, וועלכע, אַלס רעגיערונג, וואָס האָט בלויז גערייניגט דעם וועג פאר דעם פרייען אויסדרוק פון פאָלקס־ווילען דורך דער גרינדונגס־פארזאמלונג, האָט ניט געקענט דורך איהרע רעפאָרמען  אַ ל ע מ ע ן  באפרידיגען און אַלעמען צווינגען איינצושטעלען זיך פאר איהר, ווייל די צו־קונפט איז אַזוי טונקעל געווען און אין דער געגענוואַרט האָט זי אויסער ווי גרינדליך דורכפיהרען אין לעבען די יסודות פון פרייהייט, גאָרנישט ניט געקונען פאר מעגליך צו אונטערנעהמען.
און כאָטש די אָקטאָבער־איבערקעהרעניש איז דורכגעפיהרט געוואָרען בלויז פון אַן אומבאַדייטענדען טייל פון פּעטראָגראַדער גאַרניזאָן און פון אַ טייל אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך גרופּירט אַרום פּעטראָגראַדער סאָוועט פון אַרבייטער־דעפּוטאַטען, אין וועלכען עס האָבען זיך אָנגעקליבען

אַ היבשע צאָהל פּעטראָגראַדער באָלשעוויקעס; און כאָטש די איבערקעהרעניש איז דורכגעפיהרט געוואָרען פון אָט דעם לאָ־קאַלען סאָוועט געגען דעם באַשטימט און קאַטעגאָריש אויס־געדריקטען ווילען פון דעם גאַנצען אַרבייטער־פאָלק—אין דער פאָרם פון פּראָטעסט געגען דער איבערקעהרעניש סיי פון צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון די סאָוועטען פון אַר־בייטער און סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען פון גאַנץ רוסלאַנד, און סיי פון צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון די סאָוועטען פון פּויערים־דעפּוטאַטען. אויך פון גאַנץ רוסלאַנד; כאָטש, ווידער אַ מאָל, אין דער איבערקעהרעניש האָט זיך באַטיי־ליגט אַ גאַנץ קנאַפּע מינאָריטעט, איז דאָך די מאַכער פון דער אָקטאָבער־איבערקעהרעניש און די מאַכט־פּאַרכאַפּער נויטיג געווען צוצוגעבען זייער איבערקעהרעניש אַ פּנים וועניגסטענס פון דעמאָקראַטיע — אַז דאָס פּאַרווירקליכען זיי דעם פילען פון פאָלק, אַז דאָס ערפילען זיי דעם וואונש פון די ברייטע מאַסען.

און מען מוז געבען קרעדיט די באָלשעוויקעס: די אויפגאַבע צו שאַפען די ד ע ק אָ ר אַ צ י ע פון כלומרשטען אויסדרוק פון פאָלקס־ווילען, פון כלומרשטער פאָלקס־סימ־פּאַטיע — די אויפגאַבע האָבען זיי ערפילט נאָך מעהר ווי טאַלענטפול, זיי האָבען זי ערפילט געניאַל, ווייל זיי האָבען באַרעכענט און אריינגענומען אין חשבון אַלע שטימונגען פון דער מאַסע און זיי האָבען געשפּיעלט אויף די שטימונגען ווי אויף נאָטען.

פריהער פון אַלץ האָבען זיי געווענדט זייער בליק צו די סאָלדאַטען, צו יענער ברייטער אין מלחמה־צייט מאַסע פון פאָלק, וועלכע איז געווען די גאַנצע שטיצע און מאַכט אין קאַמפף מיט די אונטערדריקער, די דייטשען, וועמעס ציעלען זי האָט אָבער ניט געמערקט און ניט פאַרשטאַנען. די באָלשעוויקעס האָבען געוואוסט, אַז ביי פיעלע און פיעלע איז געווען אַ וואונש וואָס גיכער אָפּצו׳פּטר׳ן די מלחמה און צו געהן אהיים, צו די היימישע דערפער און פעלדער, און אָט דער וואונש איז ניט נאָר געווען דער רעזולטאַט פון דער קונציגער, געניטער און אונאויפהערליכער פּראָפּאַגאַנ־דאַ, וואָס די באָלשעוויקעס האָבען אָנגעפיהרט אויפ׳ן פראָנט און הינטער׳ן פראָנט, נאָר אויך דער רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער מידקייט, פון דער אונאָרגאַניזירטקייט אין דער אַרמעע, פון דער שלעכטער פּראָוויאַנטירונג, דער רעזולטאַט

פון אַלטען רעזשים, וועלכער פלעגט אַלעמאָל פאַרגעסען וועגען די ווירקליכע נויטען.

און צו אַלעם ערשט האָבען די באָלשעוויקעס אויסגענוצט אָט דעם עלעמענטאַרען, מען קען זאָגען, קרענקליכען וואונש, ערקלעהרענדיג צו די סאָלדאַטען:

„די צייטווייליגע רעגיערונג באשווינדעלט אייך. זי געהט אָן מיט דער מלחמה ניט אין די אינטערעסען פון די מלחמה־מידע פעלקער פון רוסלאַנד, נאָר אין די אינטערעסען פון אונזערע אייגענע און אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטען. מיר וועלען אָבער גלייך שליעסען פריעדען און איהר וועט ביי אונז האָבען גליק און רוה".

„אַהיים, חברים, אַהיים!" — האָט זיך דערהערט א געשריי, און דערביי האָט מען אויך אָנגעוואונקען אויף די אָפיציערען, מיינענדיג צו זאָגען, אַז דאָס זיינען זיי, וועלכע ווילען דאָס די פאָרטזעצונג פון דער מלחמה, ווייל זיי צוזאַמען מיט דער בורזשואזיע ציהען נוצען פון דער מלחמה.

און מען האָט זיך גענומען ציהען פון פראָנט און פון הינטער'ן פראָנט אַהיים, און די ארמעע האָט גענומען צוגעהן. פאָרגעקומען איז דאָס ניט אַזוי שנעל, ווי מען האָט געמיינט, ווייל אין דער אַרמעע האָבען זיך פאָרט געפונען מענשען, וועלכע האָבען בשום אופן ניט געקענט פועל'ן ביי זיך צו ענדיגען די מלחמה מיט שאַנד און זיי האָבען געהאַלטען אין אָנווייזען, וואָס פאר א משוגעת דאָס איז צו פטר'ן די ארמעע; אָבער די זאַך איז געטאָן געוואָרען און די באָלשעוויקעס האָבען פאר א צייט געוואונען די הערצער פון די ברייטע סאָלדאַטסקע מאַסען. די אַרמעע האָט ביסלעכווייז אויסגעה'רג'עט די אָפיציערען אַלס „שונאים פון פאָלק", און די באָלשעוויקעס האָבען געקענט זאָגען, אַז די ארמעע איז אויף זייער זייט.

אָבער ווי גרויס עס איז ניט געווען די באַדייטונג פון דער אַרמעע און פון באַיאָנעט פאַר די מאַכט־פאַרכאַפּער, אָבער באַנוגענען זיך מיט צוציהען אויף זייער זייט די סאָלדאַטען פון פראָנט און רעזערוו האָבען די באָלשעוויקעס ניט געקענט: זיי האָבען געדאַרפט כאָטש לפנים וועגען ווייזען זייער גוט הארץ אויך צו די אַנדערע שיכטען פון דער באַפעלקערונג, צו יענע, וועלכע האָבען ניט געטראָגען סאָלדאַטסקע מונדירען און ניט געהאַלטען אין די הענד קיין ביקסען, וועלכע האָבען אָבער אויסגעמאַכט די מאַיאָריטעט פון דער

באפעלקערונג. און זיי האָבען געווענדט זייערע בליקען צום רוסישען פּויערטום.

„דאָס לאַנד פאַר די האַרעפּאַשניקעס!“ איז שוין לאַנג געוועזן דער טרוים פון רוסישען פּויערטום און שוין לאַנג האָט די רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע זיך פאַרטראַכט וועגען דער פראַגע און געזוכט זי צו לייזען אויפ׳ן בעסטען וועג אין די אַלגעמיינע אינטערעסען פון דער גאַנ־צער באפעלקערונג. מיט איין וואָרט, עס איז שוין לאַנג געשטאַנען אויף דער טאגעס־אָרדנונג די פראַגע וועגען אי־בערגעבען דאָס לאַנד צום גאַנצען ארבייטענדען פאָלק, אויף אזעלכע יסודות, אז דאָס לאַנד זאָל געהערען צו די יעניגע, וועלכע בעאַרבייטען עס מיט זייערע הענד. אויך די צייט־ווייליגע רעגיערונג האָט זיך פאַרטראַכט וועגען דער פראַגע און האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ לייזונג פון דער פראַגע און זי האָט געהאַט צוגעגרייט צו דער צייט פון דער גרינ־דונגס־פאַרזאמלונג אַ פּראָיעקט פון אַ לאַנד־רעפאָרם, וואָס איז געוועזן גינסטיג פאַר׳ן גאַנצען פאָלק.

אָבער די צייטווייליגע רעגיערונג האָט ניט געקענט פועל׳ן ביי זיך דורכצופיהרען די רעפאָרם אין לעבען אָהן דער גוטהייסונג פון דער גרינדונגס־פאַרזאמלונג. דערמיט האָבען זיך באַנוצט די באָלשעוויקעס. זיי האָבען פּראָקלאַ־מירט, אַז די ערד איז דאָס אייגענטום פון פאָלק. אָבער אַזוי ווי עס וואָלט גענומען צופיעל מיה און צייט אויסצו־אַרבייטען אַ סיסטעם ווי די ערד זאָל פאַרטיילט און פאַרוואַל־טעט ווערען, האָבען די באָלשעוויקעס געלעזט די שווערע און הארבע פראַגע מיט זייער געוועהנליכער פּראָסטקייט און אומבארעכענטקייט.

מיר וועלען זיך דאָ צוריקהאַלטען פון געבען אונזער איי־גענע כאַראַקטעריסטיק פון די מעטאָדען פון די באָלשעוויקעס אין דער פראַגע. מיר וועלען זיך באַנוצען מיט די ווערטער פון זייער נייעם פאַרטיידיגער און נעכטיגען געגנער, פּראָפעסאָר לאָמאָנאָסאָוו. אויפ׳ן מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען האָט ער אַזוי באַצייכענט דעם באָלשעוויסטישען שטייגער פון לייזען די ערד־פראַגע:

„זיינען געקומען די באָלשעוויקעס און האָבען געזאָגט: פאַרנעהם אַלץ!“

און די מענשען, וועלכע האָבען נאָך נעכטען געהערט פון דער צייטווייליגער רעגירונג אַזעלכע ווערטער: „וואַרט אָפּ, עס וועט זיך צונויפקומען די גרינדונגס־פאַרזאמלונג,

וועט זי צווישען אנדערע פראגען אויף לייזען די ערד־פראַגע" — די מענשען האָט זיך אָפּגעדוכט, אַז אין די באָלשעוויקעס האָבען זיי געפונען אמת'ע און הייסע פּארטייזיגער פון די לעבענסוויכטיגע אינטערעסען פון פאָלק, ווייל זיי גיבען נאָך דעם פארלאנג היינט און הייסען ניט ווארטען אויף מאָרגען.

און אפילו צווישען די רוסישע פּויערים זיינען געווען אַ סך אַזעלכע, וועלכע האָבען געצווייפעלט אין דעם, צי מען קען איינפאך דורך פארכאַפּען די ערד לייזען אַזאַ שווערע און הארבע פראַגע, זיינען דאָך די פּויערים, — ווי עס פארזיכערט פּראָפעסאָר לאָמאָנאָסאָוו, — אַוועק צו די באָלשעוויקעס.

צו זיי זיינען אַוועק צו ניט, דאָס איז אַן אַנדער פראַגע, אָבער אַז די הערצער פון פיעלע פּויערים זיינען פאר אַ צייט צוגעצויגען געוואָרען צו די מענשען, וועלכע האָבען געגעבען אַזעלכע פארשפּרעכונגען — אין דעם דארף מען ניט צווייפלען.

---

## 3. — די באָלשעוויקעס און די גרינדונגס־פארזאמלונג.

דער אויפשטאנד פון די פּעטראָגראַדער ארבייטער און סאָלדאטען — דעם 26טען, 27טען און 28טען פעברואַר 1917 — האָט געשטירצט די צארישע זעלבסטהערשאַפט, וועלכע האָט פאר יאָהרהונדערטע געדריקט דאָס רוסישע פאָלק. אין לעצטען מאָמענט זיינען אויף דער זייט פון דער רעגיערונג געבליבען בלויז די פּאָליציי און די זשאַנדאַרען. אין צוויי טעג צייט זיינען זיי באַזיעגט געוואָרען. דאָס פאָלק איז געוואָרען באַלעבאַס אין דער הויפּט־שטאָדט, מען האָט געדארפט בילדען אַ נייע רעגיערונג. פון אָנפאנג האָט די דומא נאָך געפּרואווט רעטען דעם טראָהן פון די ראָמאַנאָווס. איהר פּאָרזיצענדער ראָדזיאַנקאָ האָט טעלעגראַפיש געבעטען ניקאָלאַיען צו באַשטימען נייע מיניסטאָרען, וועלכע „האָבען דעם צוטרוי פון לאַנד" — אָנשטאָט די פארהאַסטע פּראָטאָפּאָפּאָווס, גאָרעמיקינס, שטיורמערס, קאָקאָווצעווס, טרעפּאָווס. אָבער עס איז שוין געווען שפּעט. ניקאָלאַי דער לעצטער האָט שוין דעם 2טען מערץ געמוזט אונטערשרייבען זיין רעזיגנאַציע.

דעם 27טען אין דער פריה איז אין דער דומא ערשינען א דעלעגאציע פון 25 טויזענד סאָלדאַטען און פעטראָגראַ־דער ארבייטער. דער פּאָרזיצענדער פון דער דומא און די דעפּוטאַטען האָבען פארשטאַנען, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען, אַז מיט ביטעס און טענות וועט מען זיך ניט קענען העלפען, אַז מען מוז האַנדלען ר ע ו ו אָ ל ו־צ י אָ נ ע ר.

און די דומא, דער אָרגאַן פון דער אַלטער רעגיערונגס־מאַכט, וועלכער האָט פארטראָטען אין זיין מאַיאָריטעט בלויז די אויבערשטע קלאַסען פון פאָלק, איז געצוואונגען געוועזען נאָכצוטאָן דעם פאָלק און עובר זיין אויפ'ן אַלטען געזעץ; די דומא האָט ענטזאָגט געהאָרכזאַמקייט דער אַלטער רע־גיערונג, האָט געמאַכט אַן א ו י פ ש ט א נ ד געגען איהר און געבילדעט א נייע רעגיערונג, ניט פרעגענדיג קיין ער־לויבניש ביים צאַר. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען דער „צייטוויילִיגער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון דער שטאַאַטס־דומא". גלייכצייטיג האָט זיך אין זעלבען טאָורישען פּאַ־לאַץ צוזאַמענגעקומען דער צייטווייליגער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די „סאָוועטען פון די ארבייטער און סאָל־דאַטען־דעפּוטאַטען".

צווישען די צוויי קאָמיטעטען האָבען זיך אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען וועגען צונויפשטעלען א פּראָוויזאָרישע רעוואָלוציאָנערע רעגיערונג.

מיליוקאָוו, גוטשקאָוו און שולגין האָבען נאָך א מאָל זיך געפּרואווט צו רעטען די מאָנאַרכיע. זיי זיינען באַ־שטאַנען דערויף, אַז ניקאָלאַי'ס זוהן אַלעקסעי זאָל פּראָקלאַ־מירט ווערען קייזער, מיט מיכאַאיל ראָמאַנאָוו, ניקאָלאַי'ס ברודער, אַלס רעגענט, אָבער די פאָרשטעהער פון סאָוועט פון ארבייטער און סאָלדאַטען־דעפּוטאַטען האָבען זיך ענט־זאגט איינצוגעהן אויף דעם, ערקלעהרענדיג, אַז איצט קען נאָר דאָס פאָלק אַליין, דורך פרייע אָפּשטימונג, באשטימען די נייע רעגיערונגס־פאָרם.

לויט דעם אָפּמאַך צווישען דער דומא און סאָוועט איז אָרגאַניזירט געוואָרען די ערשטע פּראָוויזאָרישע רעגיערונג, וועלכע האָט זיך אונטערגענומען דורכצופיהרען פאָלגענדע פּראָגראַם:

1) פולע אַמניסטיע פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע.

2) פרייהייט פון וואָרט, פרעסע, פאראייניגונג, פאר־זאמלונג און סטרייק.

3) די אָפּשאַפונג פון אַלע רעליגיעזע, נאציאָנאַלע און קלאַסען־באשרענקונגען.

4) אַ פאָלקס־מיליץ אָנשטאָט פּאָליציי.

5) די וואהלען צו די שטאָדטישע און זעמסקע זעלבסט־פארוואלטונגען אויפ'ן גרונד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואהלרעכט.

6) פארזיכערען די סאָלדאַטען די פרייע מעגליכקייט אויסצונוצען זייערע בירגער־רעכט.

7) גלייך אָנהויבען די פאָרברייטונגען צו פאררופען די גרינדונגס־פארזאמלונג אויפ'ן גרונד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואהלרעכט.

אויף אַזאַ אופן איז שוין גלייך אין די ערשטע טעג פון דער רעוואָלוציע באשלאָסען געוואָרען, דורך אַ פארשטענדיגונג פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, אַז בלויז די גרינדונגס־פארזאמלונג קען אוועקשטעלען אויף אַ פעסטען, זיכערען פונדאמענט די נייע אָרדנונג. אָט דער פעסטער, זיכערער פונדאמענט דארף זיין דער ווילען און די מאַכט פון פאָלק, אָנשטאָט דעם צארישען ווילען און צארישער זעלבסטהערשאפט.

דעם 6טען מאַי האָט די פּראָוויזאָרישע רעגיערונג זיך רעאָרגאניזירט, אריינגעהמענדיג זעקס סאָציאַליסטען. צווישען די 8 נייע פּראָגראם־פּונקטען זיינען די וויכטיגסטע געווען צוויי — דער 7טער — די באַלדיגע איינפיהרונג פון דעמאָקראטישע זעלבסט־פארוואלטונגס אָרגאַנען, און דער 8טער — די באַלדיגע פאררופונג פון דער גרינדונגס־פאר־זאמלונג אין פעטראָגראד.

די 8 פּונקטען זיינען געווען די תנאים, אונטער וועלכע די סאָציאַליסטען האָבען איינגעוויליגט צו טיילען די פאר־אנטוואָרטליכקייט מיט די קאדעטען. אָבער די רעכטע האָבען נאָך אַלץ געשטערט און אָפּגעצויגען די בארופונג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג. ערשט דעם 25טען מאַי — דריי מאָנאַטען נאָך דעם אָנהויב פון דער רעוואָלוציע — איז ענדליך זיך צוזאמענגעקומען די באראטונג אויסצואַרבייטען די וואהל־געזעצען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג!

די נייע פּראָוויזאָרישע רעגיערונג, אונטער דער פּרעמ־יערשאַפט פון קערענסקי׳ן, האָט דעם 8טען יולי פאַרעפענט־ליכט אַ דעקלאַראַציע, אין וועלכער זי האָט זיך פאַרפליכ־טעט אָנצונעהמען אַלע מיטלען, אַז די וואהלען צו דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג זאָלען פאָרקומען דעם 17טען סעפּטעמבער. אַ ביסעל שפּעטער איז די דומא אָפּגעשאַפט געוואָרען צו מאַכען אַ סוף צו די אינטריגען, קערענסקי׳ס רעגיערונג האָט פּראָקלאַמירט רוסלאַנד פאַר אַ רעפּובליק.

צום באַדויערן, האָט די צוגרייטונגס־אַרבייט זיך ווייטער פאַרצויגען. די שונאים פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמ־לונג איז דורך די אינטריגעס ווייטער געלונגען צו פאַר־האַלטען די וואהלען. די אינטריגאַנטען איז געווען לייכט צו שטערען, ווייל אחוץ דעם זיינען געווען נאָך אַלגעמיינע שוויריגקייטען: די לאַגע אין לאַנד, דער געוואַלדיגער שטח פון רוסלאַנד, דער שלעכטער פאַרקעהר, די גרויסע צאָהל דעפּוטאַטען א. ז. וו.

די צוגרייטונגס־אַרבייט איז ווידער איבערגעריסען גע־וואָרען דורך גענעראַל קאָרנילאָוו׳ס בונט און דעם נייעם רעגי־רונגס־קריזיס. פון 17טען סעפּטעמבער זיינען די וואהלען אָפּגעלעגט געוואָרען אויפ׳ן צוועלפטען נאָוועמבער, די גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט עפענען איהרע זיצונגען סוף נאָוועמבער. אָבער דעם 24טען אָקטאָבער האָט די פּאַרטיי באָלשעוויקעס געמאַכט אַן איבערקעהרעניש און פאַרכאַפּט די מאַכט אין איהרע הענד.

פון אָנפאַנג האָבען לענין און טראָצקי פאַרשפּראָכען צו פאַררופען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג צום טערמין און איבערגעבען צו איהר ענטשיידונג אַלע פראַגען וועגען דעם שיקזאַל פון רוסלאַנד און וועגען דער קינפטיגער שטאַאַטס־אָרדנונג. זיי האָבען אפילו ערקלעהרט, אַז די איבערקעה־רעניש גופא האָבען זיי געמאַכט מיט דעם צוועק צו „רעטען די גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער פאַרשווערונג פון די מאָ־נאַרכיסטען און קאַדעטען“.

פאַר דער איבערקעהרעניש האָבען די באָלשעוויקעס געלאַרעמט, אַז קערענסקי׳ס מיניסטעריום ציהט אָפּ די גרינ־דונגס־פאַרזאַמלונג, אַז זי וועט זי קיינמאָל ניט פאַררופען, אַז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ ליגען פון זיין זייט, און אַז בלויז זיי, די באָלשעוויקעס, די אמת׳ע מענשען, וועלען

פאררופען די גרינדונגס־פארזאמלונג. אָבער ביסלעכוויז, ווען עס האָבען גענומען קלאָר ווערען די רעזולטאַטען פון די וואהלען, האָבען זיי גענומען בייטען זייער פּאָזיציע.

זיי האָבען פון אָנפאַנג נאָך געפּרואווט שרייען, אַז זיי זיעגען אויף די וואהלען אין מאָסקווע און פּעטראָגראַד — דערנאָך זיינען זיי פארשוויגען געוואָרען, ווי קיין וואהלען וואָלטען אויף דער וועלט ניט געווען. בלויז די „פּראַוודאַ" און די „איזוועסטיא" האָבען נאָך אַלץ גערופען פארלוימדער די יעניגע, וועלכע האָבען אָנגעוויזען אויף דער געפאהר, וואָס דראָהט פון די באָלשעוויקעס פאַר דער גרינדונגס־פארזאמלונג. זיי האָבען נאָך ניט געוואגט ארויסצוטרעטען אָפען געגען איהר; צו פּאָפּולער איז געווען די אידעע פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, צו טיעף איינגעוואָרצעלט אין די הערצער פון די מאסען, אַז זיי, די דעמאַגאָגען, זאָלען זיך ענטשליסען דאָס צו טאָן. זיי האָבען געדארפט צייט, זיך צו באפעסטיגען.

אָבער אַז עס איז ענדליך זיי קלאָר געוואָרען, אַז דאָס פאָלק האָט געשטימט געגען זיי און די מאכט איז שוין געווען אין זייערע הענד, האָבען זיי מיט אמאָל געביטען זייער שטעלונג צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג. פארכאפּענ־דיג די מאכט מיט געוואלט און שווינדעל, האָבען זיי די מאכט בשום אופן ניט געוואָלט אָפּטרעטען צו די ערוועהלטע פאָרשטעהער פון פאָלק. אום איינצוהאלטען און צו באַ־פעסטיגען זייער מאכט, האָבען זיי ביים פאָלק אוועקגע־רויבט די פרייהייט פון דער פּרעסע, פאַראייניגונגען און פארזאמלונג און האָבען גענומען פארפאָלגען אַלעמען, וועל־כע זיינען מיט זיי ניט איינשטימיג געווען, ניט ערגער פון דער אַלטער צארישער רעגיערונג. אָפּנאַרענדיג דאָס פאָלק מיט דעם צוזאָג פון אַ שנעלען, גערעכטען און עהרענהאפטען פריעדען, האָבען זיי געקראָגען די שטיצע פון די סאָלדאטען. ווען דאָס פאָלק און די סאָלדאטען האָבען שוין איינגעזעהן דעם שווינדעל, ווען די דייטשען האָבען פארכאפּט האַלב רוסלאַנד און חרוב געמאכט דאָס גאַנצע לאַנד, איז שוין געווען שפּעט.

אין די וואהלען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען געשטימט 36 מיליאָן רוסישע בירגער (געשטימט האָבען אַלע איבער 21 יאָהר). פון דער צאָהל האָבען פאַר די סאָציאַליסטען ־ רעוואָלוציאָנערען געשטימט 20,893,734

פערזאָן, כמעט 21 מיליאָן אָדער 58 פּראָצענט, ד. ה. מעהר ווי אַ העלפט פון אַלע וועהלער.

פאַר די קאַדעטען האָבען געשטימט 1,856,639 — אין גאַנצען 5 פּראָצענט, אַ צוואַנציגסטעל פון די וועהלער.

פאַר די סאָציאַלדעמאָקראַטען־מענשעוויקעס 668,064, ד. ה. צוויי פּראָצענט.

פאַר די פאָלקס־סאָציאַליסטען ([illegible]וויקעס) 312,038, ד. ה. 1 פּראָצענט, אַ הונדערטעל פון [illegible]לער.

פאַר די סאָציאַלדעמאָקראַטען פון „[illegible]עדינסטוואָ" — 25,498, ד. ה. זיעבען הונדערטעל פּראָצענט.

פאַר'ן פאַרבאַנד פון לאַנד־אייגענטימער 215,542 — 6 צעהנטעל פּראָצענט.

פאַר די באָלשעוויקעס — 9,023,963 — 25 פּראָצענט, ד. ה. בלויז אַ פערטעל פון אַלע וועהלער.

פאַר די רעכטע מאָנאַרכיסטען — 292,133.

פאַר אַלע בורזשואַזע גרופּען און פּאַרטייען צוזאַמענגענומען איז אָפּגעגעבען געוואָרען 4,130,376 שטימען — ד. ה. וועניגער פון אַ זיבעטעל פון אַלע וועהלער.

די באָלשעוויקעס האָבען באַקומען אַ פערטעל פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען. פיעלע האָבען זיי נאָך געגלויבט און בלינד זיי נאָכגעפאָלגט, האָפענדיג, אַז זיי וועלען ערפילען זייערע פאַרשפּרעכענס — וועלען געבען דעם פאָלק אַ שנעלען און בכבוד'ען פריעדען, לאַנד און ברויט. און פון דעסטוועגען האָבען דריי־פערטעל פון רוסישען פאָלק זיך אַרויסגעזאָגט געגען די באָלשעוויקעס, אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג האָבען זיי ניט געקענט באַקומען קיין מאַיאָריטעט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין פיעלע ערטער האָבען זיי מיט סטראַשונקעס געצוואונגען צו שטימען פאַר זייער פּאַרטיי.

ביי אַזאַ לאַגע האָבען זיי געדאַרפט זיך אונטערוואַרפען דעם ווילען פון פאָלק, דעם ווילען פון דער מאַיאָריטעט, און איבערגעבען די מאַכט צו די פאָלקס־ערוועהלטע, אָדער געהן געגען פאָלק.

די באָלשעוויקעס האָבען אָבער קיין חשק ניט געהאַט צו שיידען זיך מיט דער פאַרכאַפּטער מאַכט. אויף זייער זייט איז געוועזען אַ טייל פון דער אַרמעע, וועלכע איז נאָך ניט צוגאַנגען זיך אַהיים; אויף זייער זייט זיינען געוועזען די מאַטראָזען פון דער באַלטישער פלאָטע און די רויטע גוואַרדייצעס, צו וועלכע זיי האָבען געצאָהלט גוטע שכירות.

די באָלשעוויקעס האָבען שוין באצייטענס זיך געהאַט באזאָרגט מיט מיטלען צו פארניכטען די גרינדונגס־פארזאמ־לונג, ווען עס וועט נויטיג זיין; שוין פון דער וואהל־קאמ־פאניע האָבען זיי זיך צוגעגרייט. ווי געזאָגט, אום אויס־צונעהמען ביי די מאַסען, האָבען זיי אַגיטירט אויף די העכ־סטע טענער, אַרויסשטעלענדיג זיך אַלס די איינציגע, אמת־רעוואָלוציאָנערע פארטיידיגער פון דער גרינדונגס־פארזאמ־לונג. דאָס איז אָבער ניט געווען גענוג. פאַר דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג זיינען געווען אַלע — די גאנצע ראַדי־קאַלע דעמאָקראטיע. אָט, אום אָפּצושיידען זיך פון דער דעמאָקראטיע, האָבען זיי אויסגעפונען צווישען דער דעמאָ־קראטיע ניט עקזיסטירענדע שונאים פון דער פארזאמלונג, „סאַבאָטאַזשניקעס". „זיי וועלען ניט דערלאָזען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג!" — האָבען די באָלשעוויקעס גע־שריען. די איבעריגע סאָציאליסטישע דעמאָקראטיע איז געווען הילפלאָז געגען דער דאָזיגער דעמאַגאָגיע.

ביי דער פינסטערער סאָלדאטסקער מאַסע, וועלכע איז אויסגעמאַטערט געווען פון דער מלחמה, וועלכע האָט גע־וואָלט פריעדען אום יעדען פרייז, און ביי אַ טייל ארביי־טער, וועלכע זיינען געווען ענטוישט אין קערענסקי'ס רע־גיערונג, האָט זיך אויפגעוועקט דער אלטער אומצוטרויען און חשד צום „אויבען אָן", צו די „איידעלע הענט". און אָט אויף דעם פינסטערען אינסטינקט האָבען די באָלשע־וויקעס, ווי געניטע היפּנאָטיזיאָרען, געשפּיעלט: „מען באַ־שווינדעלט אייך! מען פאררעט אייך! מען ליפערט אייך אויס צו די שונאים! ווארפט זיי אַלעמען ארונטער! נעהמט אַלץ אין אייערע אייגענע הענט: מאַכט, פריעדען און ברויט!"

דאָס איז געווען בעת דער וואהל־קאמפּאַניע. פאַר די באָלשעוויקעס איז דאָס געווען אַ קאַמפּאַניע פון ווארפען שמוץ און חשד אויף דער קינפטיגער נאציאָנאַלער פאר־זאמלונג.

און ווען די וואהלען האָבען זיך אָנגעהויבען, און עס איז קלאָר געוואָרען, אַז דאָס פאָלק איז ניט אין גאנצען אָפּגענאַרט געוואָרען, אַז די באָלשעוויקעס האָבען קיין שאַנ־סען ניט צו ציהען אַ מאַיאָריטעט, איז מען געפאַלען אויף אַ נייעם פּלאַן: מען האָט נאָך אַלץ די האָפנונג ניט פאר־לאָרען, אַז צוזאַמען מיט די לינקע עס־ערען וועלען די באָל־שעוויקעס אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג קאָנטראָלירען אַ

גרעסערע צאָהל דעפּוטאַטען ווי די רעכטע עס־ערען און די אנדערע סאָציאַליסטען. און סמאָלני אינסטיטוט האָט צו־געגרייט אזא מאַנעוור: שליסען אַ בונד מיט די לינקע עס־ערען, ערקלעהרען די קאַדעטען און די רעכטערע פון זיי פאַר שונאים פון פאָלק, און דאַן דורך דרוק פון דרויסען צווינגען די גרינדונגס־פארזאמלונג זיי אויסצושליסען.

און פאר די באָלשעוויקעס און זייערע בונדעס־גענאָ־סען וועט געזיכערט זיין אַ מאַיאָריטעט. די שטאַאטס־לייט אין סמאָלני אינסטיטוט האָבען מיט דעם פלאַן לאַנג זיך ארומגעטראָגען.

אָבער אויך אין דעם האָבען זיי זיך אָפּגענאַרט. פון די 703 ערוועהלטע דעלעגאַטען זיינען אויפ׳ן צעטעל פון די רוסישע עס־ערען דורכגעגאַנגען 338 דעפּוטאַטען און 99 עס־ערען פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. די גרופּע לינקע עס־ערען, וועלכע האָט זיך אָפּגעזונדערט אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג אין אַ זעלבסטשטענדיגער פראַקציע, האָט גע־צעהלט ניט מעהר ווי 39 דעפּוטאַטען. די צאָהל באָלשע־וויקעס־דעפּוטאַטען איז געווען 168. פון קריגען אַ כשר׳ע מאַיאָריטעט, אַפילו מיט דער הילף פון דעם אויבען־דער־מאָנטען מאַנעוור, האָט קיין רעדע ניט געקענט זיין. און עס איז זיי קיין ברירה ניט געבליבען ווי צו ערקלעהרען די גאַנצע גרינדונגס־פארזאמלונג, — די עס־ערען און די איבע־ריגע סאָציאַליסטען אריינגערעכענט, — אַלס שונאים פון פאָלק, און דאַן זיי צוטרייבען.

ווי זשע פיהרט מען דאָס דורך? די ברייטע מאַסען גלויבען פאָרט אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג און זיי גע־דענקען נאָך אפילו ווי באָלשעוויקעס אליין האָבען זיך גע־צלמ׳ט אויף איהר? מען קען עס טאָן זעהר „איינפאַך“: אנטקעגענשטעלען דער גרינדונגס־פארזאמלונג די סאָוועטען.

די סאָוועטען — דאָס זיינען די אמת׳ע גרינדונגס־פארזאמלונג. אין זיי איז פארקערפּערט דער פאָלקס־ווילען, די פאָלקס־הערשאַפט. זיי פארטרעטען דאָס האָרעווענדע פאָלק, בעת יענע גרינדונגס־פארזאמלונג איז אַ פאַלשע; דאָרט האָט דאָס וואָרט די בורזשואַזיע. איבערהויפּט איז אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גרינדונגס־פארזאמלונג, וואָס פאר־טרעט אַלע קלאַסען, אַן אָפּגעלעבטער, בורזשואַזער אבער־גלויבען, וואָס באַלאַנגט צום קאָרב פון דער געשיכטע.

די באָלשעוויקעס וואָלטען נאָך „געדולדעט“ די גרינ־דונגס־פארזאמלונג, ווען זי זאָל אַנערקענען די סאָוועטען־

מאכט אלס א העכערע אויטאָריטעט פון זיך, אלס דעם אויבער־אָרגאַן פון דער רעגיערונג, צו ווענדען עס געהערט די פולע געזעצגעבערישע און אויספיהרענדע מאכט. די גרינדונגס־פארזאמלונג דארף פון איין זייט אין איהר עקזע־קוטיווער ארבייט זיך בויגען פאר דעם ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרען און פון דער אנדער זייט, אין איהר געזעצגעבע־רישער ארבייט, דארף זי אויספאָלגען דאָס פראָגראם און די פלענער פון צענטראַלען עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון די סאָוועטען.

מיט איין וואָרט, פון דעם העכסטען רעגיערונגס־אָרגאַן, וואָס באזיצט די פולע קאָנסטיטואירענדע, געזעצגעבערישע, עקזעקוטיווע און יורידישע מאכט, דארף די גרינדונגס־פאר־זאמלונג זיך פארוואנדעלט אין א צווייט־גראַדיגער קערפּער־שאפט, אָהן רעגיערונגס־מאכט און בלויז מיט בעראטונגס־רעכט.

דאָס איז געווען דער טייוועלש־געניאַל־איינפאכער פּלאַן, און דער פלאַן איז זיי געלונגען.

די באָלשעוויקעס האָבען גענומען פארלויפען דעם וועג דער גרינדונגס־פארזאמלונג. מיט פיבערישער שנעלקייט האָבען זיי צוגעגרייט דעם פריעדען: און דערמיט פון איין זייט צופריעדענגעשטעלט די סאָלדאטסקע מאסע; פון דער אנדער זייט אוועקגעשטעלט די גרינדונגס־פארזאמלונג פאר א פארטיגען פאקט, פאר אן אָפּגעטאָנענעם אקט. דאָס האָט געזאָלט זיין די הויפּט־עקזעקוטיווע ארבייט פון דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג. און מיט גנב׳ישער פלינקייט בארויבט די עס־ערען פון זייער פראָגראם, אום אריבערצושלעפּען די פויערים.

גלייך נאָך דער איבערקעהרעניש האָט לענין ארויסגע־לאָזען זיין „דעקרעט" וועגען סאָציאַליזאציע. דער דעקרעט איז אַן איינפאַכע ווידערהאָלונג פון אַן עס־עראָווסקער רע־זאָלוציע וועגען דער ערד, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אויף עפּעס א פויערשען צוזאמענפאָהר. לענינען און די באָלשעוויקעס איז סאָציאַליזאציע אין דער לינקער פיאַטע ניט געלעגען. צו דער דאָזיגער עס־עראָווסקער „אוטאָפּיע" זיינען זיי נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק געווען אבסאָלוט גלייכ־גילטיג, זיי האָבען זיך פון דעם אויסגעלאַכט. אָבער זיי האָבען געוואוסט, אַז די פויערים וועלען זיי ניט געווינען אָהן דער דאָזיגער אוטאָפּיע. און מען האָט צוגעוואָרפען דעם דאָרף א מתנה׳לע — א „דעקרעט", אויף וועלכען די

פויערים האָבען זיך גע'חידוש'ט: וואָס איז דאָס אזוינס, א געזעץ צו ניט?

דאָס איז ניט געווען דער לאַנג־ערוואַרטעטער געזעץ וועגען פארטיילען דאָס לאַנד; ניט קיין גרינדליכע רעפאָר־מע, וועלכע דאַרף דורכגעפיהרט ווערען מיט א פּלאַן און מיט אַ סדר. נאָר אַ געשריי: דאָס לאַנד געהערט צו די פויערים און — נעהמט זיך איך! — אַ סיגנאַל צו אַ מלחמה אין דאָרף, אין וועלכער די שטאַרקע וואַרפען זיך אויף די שוואַ־כע און פון וועלכער די קולאַקעס קומען ארויס די זיעגער — אַ מלחמה, וואָס האַלט נאָך אָן ביז'ן היינטיגען טאָג.

אַ דעמאַגאָגישער שפּיצעל איז דאָס געווען, אָבער אַבי די אַרבייט איז געווען „אָפּגעטאָן“ און מען האָט געקענט קומען צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג מיט אַן אולטימאַ־טום: נעהם אָן אונזער פריעדען, נעהם אָן אונזער פּראָגראַם, פּאָלג און געהאָרך! — און דאַן שיטען דער מאַסע זאַמד אין די אויגען און שרייען, אַז די גרינדונגס־פארזאמלונג וויל ניט פאָלגען און געהאָרכען, וויל ניט קיין פריעדען און וויל ניט אַוועקגעבען דאָס לאַנד צו די פויערים...

מיט דעם דאָזיגען אולטימאַטום און מיט די אויבען־דערמאָנטע באַדינגונגען — צו אונטערוואַרפען זיך דער עק־זעקוטיווער מאַכט פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען און דער געזעצגעבערישער מאַכט פון דער צענטראַלער סאָוועט־טען־עקזעקוטיווע — זיינען די באָלשעוויקעס און די לינקע עס־ערען געקומען אויף דער ערשטער און לעצטער זיצונג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, אין יענעם היסטאָרישען טאָג פון 5טען יאנואר 1918.

אָבער די גרינדונגס־פארזאמלונג ניט אָפּשאָפּענדיג זיך אליין, האָט ניט געקענט לאָזען זיך דיקטירען באַדינגונגען, און זי איז צוטריבען געוואָרען.

פונקט ווי ניקאָלאַי דער לעצטער האָט צוטריבען מיט באַיאָנעטען די ערשטע און צווייטע דומא, צו וועלכער דאָס פאָלק האָט געשיקט זיינע פאָרשטעהער, האָט ניקאָלאַי לענין צוטריבען מיט באַיאָנעטען די אַל־רוסישע גרינדונגס־פאר־זאמלונג.

דער טרוים פון דורות רוסישע דעמאָקראַטען איז מקוים געוואָרען — די אַל־רוסישע גרינדונגס־פארזאמלונג האָט זיך געעפענט! אָבער איידער אַזוי, הלואי וואָלט עס ניט מקוים געוואָרען!

ביי דעם אַריינגאַנג אין טאַורישען פּאַלאַץ האָבען די

מאַשין־ביקסען און באוואפענטע באנדעס פון סאָלדאטען און מאטראָזען געוואַרט אויף די פאָלקס־ערוועהלטע. אין די גאסען האָט מען געשאָסען אויף שוצלאָזע דעמאָנסטראַנטען־אַרבייטער; און די ערשטע קרבנות, וואָס זיינען געפאַלען, זיינען געווען די „אָבוכאָווזצי" — וועלכע האָבען די רוסישע רעוואָלוציע אויסגעטראָגען אויף זייערע פּלייצעס. אינווענינ אין דער געביידע איז פארזאַמעלט געווען אַ „געקליבענער" עולם — פון „שטאָהל־אייזערנע" אַנאַרכאָ־באָלשעוויקעס און פּונקט אַזא „געקליבענער" קאַראַאול פון מאַטראָזען, סאָל־דאַטען און „רויטע גוואַרדייצעס", וועלכע זיינען גרייט גע־ווען אויף אַלץ. די דעפּוטאַטען האָבען אויף טריט און שריט זיך אָנגעשטויסען אויף די ערגסטע באַליידיגונגען, אויף שטערונגען, שפּאָט און געלעכטער. און די זיצונגען גופא? פון איין זייט — אַ כאָפּטע צואווילדעטע טייוואָ־לים, וואָס וואַרפען זיך אין קרעמפּפען פון משוגעת מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער; און פון דער אַנדער זייט — די מאַיאָריטעט אין מרה־שחורה פארגליווערטע סאָציאַליסטען און אַן אומבאַשרייבליכער טומעל צורייסט די לופט אין זיצונגס־זאַל — אָבער דאָס איז ניט דער טומעל פון היציגען פּאָליטישען קאַמפּף, נאָר פון אויסגערעכענט גראָבער, טעמ־פּער חוזק־מאַכעריי. די באָלשעוויקעס זיינען ניט נאָר ענט־שלאָסען געווען צו צוטרייבען די פּאָלקס־שלוחים, נאָר אויך דורכצופיהרען עס אין דער אומווירדיגסטער, שענדליכסטער פאָרמע. ווי זיי וואָלטען געוואָלט ווייזען און אונטערשטריי־כען, אַז די מאַכט איז ביי זיי אין די הענד, אַז עס קאָסט זיי ניט טייער צו שיטען באַליידיגונג אויף די קעפּ פון די פאָלקס־ערוועהלטע. אַזוי האַנדלען נישטיגע מענשעלאַך, וועלכע האָבען אַן אומריינעם געוויסען.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען די באָלשעוויקעס האָבען פארכאַפּט די מאַכט, און עס איז זיי נאָך ניט קלאָר געווען, צו זיי וועלען אַרויס די זיעגער, האָבען זיי זיך ענטזאָגט פון יעדער פארשטענדיגונג מיט די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, בפרט איצט, ווען די מאַכט איז געווען זיכער אין זייער האַנד און זיי האָבען אומבאַשטראָפט געקענט פארגיסען דאָס בלוט פון די פאָלקס־פּאַרטרעטער, זיינען זיי אודאי געווען ווייט דערפון צו אונ־טערוואַרפען זיך דער מאַיאָריטעט. אַלע אַרבייטער, פּויערים און סאָלדאַטען, וועלכע האָבען ניט באַלאַנגט צו זייער פּאַר־טיי, האָבען זיי ערקלעהרט פאַר די שונאים פון פאָלק און

האָבען אָנגעהויבען גענען זיי אַ בירגער־קריעג. די רוסישע ארבייטער און סאָלדאטען, וועלכע עס איז זיי געלונגען צו באשווינדלען, האָבען ארעסטירט און געשאָסען יענע רוסישע ארבייטער און סאָלדאטען, וועלכע האָבען זיך ניט געלאָזט באשווינדלען.

די באָלשעוויקעס האָבען באשלאָסען צו אונטער־וואַרפען דאָס פאָלק צו זייער ווילען און האָבען פּראָקלאמירט די דיקטאטור פון זייער פארטיי. לענין האָט געזאָגט: „סטאָליפּין האָט רעגיערט רוסלאנד מיט דער הילף פון 140 טויזענד גוטס־באזיצער. איך וועל רעגיערען רוסלאנד מיט דער הילף פון 240 טויזענד באָל־שעוויקעס“.

און פּונקט ווי סטאָליפּין „רעגיערט“ ער, — ווי מיר וועלען זעהן אין די ווייטערדיגע קאפּיטלען, — מיט געוואלט, הינריכטונגען און פּאָגראָמען.

---

## 4. — באָלשעוויזם און דעמאָקראַטיע.

עס איז שווער צו זאָגען, וואָס דער סאָוועט־רעזשים איז יא; פיעל לייכטער איז צו זאָגען, וואָס ער איז ניט: דער סאָוועט־רעזשים איז ניט קיין דעמאָקראטיע.

צוערשט לאָמיר פּרובירען געבען אַן אַלגעמיינע כאראק־טעריסטיק, דערנאָך וועלען מיר אונז פארנעהמען מיט דע־טאלען.

נאָך אין אפּריל 1917 האָט לענין, דער רבי, נביא און כהן גדול פון באָלשעוויזם, געזעהן בנבואה ניט קיין פּארלא־מענטארישע רעפּובליק, נאָר אַ רעפּובליק פון סאָוועטען. אַ רעפּובליק איז דעמאָקראטיע; ניט קיין פּארלאמענטארישע, נאָר אַ סאָוועטען־רעפּובליק, מיינט מסתמא צו זאָגען די העכסטע פאָרם פון דעמאָקראטיע.

לענין'ס נבואה איז מקוים געוואָרען. די סאָוועטען־רעפּובליק איז געוואָרען אַ פאַקט. לאָמיר אַלזאָ זעהן, וואָס איז אַזוינס „די העכסטע פאָרם פון דעמאָקראטיע“, דער „אוצר, וואָס די גאנצע וועלט פארמאָגט ניט“, ווי עס דריקט זיך אויס אין דער „איזוועסטיא“ דער אָפיציעלער לויב־זינגער פון סאָוועטען־רעזשים סטעקלאָוו.

אַז מען קוקט זיך צו, ווי די סאָוועטען־רעפּובליק איז געבויט, ווייס מען גאָר ניט, וואָס דאָס איז אַזוינס. מיר

זעהען א מאַסע רעגיערונגס־אָרגאַנען, אָנגעוואָרפען איינע אויף די אַנדערע אין דער גרעסטער אומאָרדנונג, אויף אַל־טע — נייע, אויף הויכע — נאָך העכערע, אַ דורכפלעכטונג פון פארשיעדענע דעפּאַרטאַמענטען, אַ כסדר׳דיגען צוזאַמענ־שטויס פון אָהן אַ שיער אַגענטען, מיט „אויסעראָרדענטליכע פּאָלמאַכטען״, וואָס יעדער איינער דראַפּעט זיך דעם אַנדע־רען אויפ׳ן קאָפּ, זוכט זיך צו שטעלען העכער פון אַלע איבעריגע.

מענשען, וואָס שטעהען פון אינוועניג, באַשרייבען די רעגיערונגס־געבוי מיט אַזעלכע ווערטער: „עס מערקט זיך אַ נאָך ניט געוועזענע אפילו אין די גוטע אַלטע צייטען איבער־פּראָדוקציאָן פון געזעצגעבערישע און פארוואַלטענדע אָרגאַנען אין די צענטרען און אנטקעגען זיי אַ נאָך ניט גע־וועזענע קליינע צאָהל אויספיהרענדע אָרגאַנען אויף די ער־טער, וואָס קוים־קוים וואָס זיי עקזיסטירען, קוים־קוים וואָס זיי אַרבייטען. די גרויסע טרייב־רעדער דרעהען זיך, אָבער רימענס פעהלען און די מאַשינעריע ריהרט זיך ניט פון אָרט״.

אַזוי זעהען און בעאָבאַכטען ניט די שונאים פון דער סאָוועטען־רעפּובליק, נאָר איהרע טעאָרעטיקער און פאַרטיידי־גער. אַזוי האָבען געשריבען אין דער „זנאַמיאַ טרודאַ״ די לינקע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, דאַמאָלס נאָך די בוזים־פריינד פון די באָלשעוויקעס.

אָבער לאָמיר פרעגען די קאָנסטיטוציע פון דער סאָ־וועטען־רעפּובליק, אפשר וויים זי בעסער, וואָס זי איז אַזוינס.

אויפ׳ן זעקסטען חודש פון זיין עקזיסטענץ האָט דער העכסטער אָרגאַן פון דער סאָוועטען־רעפּובליק, דער צענ־טראַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט, געהאָרכזאַם נאָכגעזאָגט די ווערטער פון זיין פּאָרזיצענדען סווערדלאָוו אין אַ ספּעציע־לער רעזאָלוציע, אַז אמת — „די רעשטען פון בורזשואַזען פּאַרלאַמענטאַריזם דאַרפען אָהן שום רחמנות אויסגעוואָר־צעלט ווערען״, אָבער גלייכצייטיג, זאָגט די רעזאָלוציע ווייַ־טער, איז נויטיג גענוי צו פיקסירען די קאָנסטיטוציע פון דער סאָוועטען־רעפּובליק.

אַלזאָ, מען האָט זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף אַ „גענוי פיקסירטע קאָנסטיטוציע״.

אומזיסט וועט איהר פרעגען, צו וואָס קאָפּירען די בורזשואַזע מוסטערען פון „פּאַרשיווע רעפּובליקען״ און גענוי

פיקסירען אַ קאָנסטיטוציע, אויב אַלע רעשטען פון בור־זשואַזען פּאַרלאַמענטאַריזם דאַרפען אָהן רחמנות אויסגע־וואָרצעלט ווערען.

אָבער, געה פרעג קשיות, אפילו וועגען דעם עיקר האָט מען זיך ניט צונויפגערעדט. מען האָט ביי די שעפער פון נייע רעגיערונגס־פאָרמען קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן, וואָס זיי האָבען געשאַפען: צו אַ „סאָוועטען־רעפּובליק" — איינע, צו אַ „רעפּובליק פון סאָוועטען" — אַ סך; וואָס רעגיערען זיי די באָלשעוויקעס — אַן איין און איינציגע פ ע ד ע ר אַ ט י וו ע „רוסלענדישע פעדעראַטיווע, סאָציאַליסטישע סאָוועטען רעפּובליק", אָדער באַזונדערע רע־פּובליקען פון גרויס־רוסישע, קליין־רוסישע, ווייס־רוסישע, לעטישע און נאָך און נאָך סאָוועטען, וואָס אַלע צוזאַמען בילדען זיי אַן אַלגעמיינע פעדעראַציע פון סאָציאַליסטישע סאָוועטען? אין איין און דעמזעלבען הויך־אָפיציעלען דאָקומענט, אין דער טרויעריג־באַריהמטער „דעקלאַראַציע פון די רעכט פון די האָרעווענדע און עקספּלואַטירטע", וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרען דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג אונטער אַן אולטימאַטיוו גוטצוהייסען — אין איין און דעמזעלבען דאָקומענט רעדט זיך גלייכצייטיג וועגען אַ „רעפּובליק פון סאָוועטען" און וועגען אַ „סאָוועטען־רעפּובליק". אַ סאָוועט־טען־רעפּובליק, ווערט דאָ געזאָגט, גרינדעט זיך אויף דעם באַזיס פון אַ פרייען בונד פון פרייע נאַציאָנען, אַלס פעדע־ראַציע פון נאַציאָנאַלע סאָוועטען־רעפּובליקען. ווען זייער העכסטע שטאַאַטסמענערשע חכמה דריקט זיך אויס אין דער פּראָקלאַמירונג פון אַן אינערליך ווידערשפּרעכיגען פּרינציפּ:

„ד י ג אַ נ צ ע מ אַ כ ט א י ן צ ע נ ט ע ר א ו ן א ו י ף ד י ע ר ט ע ר צ ו ד י ס אָ וו ע ט ע ן"; ווען אין פאַרלויף פון גאַנצע פינף חדשים האָט מען זיך אפילו קיין צייט ניט גענומען צו פאַרטראַכטען זיך, וואו עס ענדיגען זיך די „ערטער" און וואו עס הויבט זיך אָן דער „צענטער", און צו עס איז פאַראַן איין צענטער, אָדער אַ סך א. ז. וו.; ווען ערשט נאָכדעם ווי די „העכסטע פאָרם" פון פאַרוואַלטונג האָט אָפּעקזיסטירט פינף חדשים צייט האָט מען איינ׳ן זעקסטען חודש זיך אַ כאַפּ געטאָן צו פאַרפאַסען אין איילעניש אַ קאָנסטיטוציע — איז דען אַ וואונדער, וואָס די רעגיערער אַליין זעהען קיין אַנדער זאַך ניט, ווי „אָנגעוואָרפענע אין אומאָרדנונג אָרגאַנען", וואָס אַלע גיבען פאַראָרדנונגען און קיין איינער פיהרט זיי ניט אויס?

נו, ווען זיי אַליין ווייסען ניט, וואָס פאַר אַ רעגיערונגס־פאָרם דאָס איז און זייער קאָנסטיטוציע קען אונז אויך ניט קלוג מאַכען, טו לאָמיר אונז צוקוקען, ווי זי ארבייט אין דער פּראַקטיק. ווי זעהט אויס די באָלשעוויסטישע רעגיע־רונג אין דער ווירקליכקייט? ווידער אַ מאָל מוזען מיר זאָגען, אַז עס איז לייכטער זי צו כאַראַקטעריזירען מיט „ניינ'ס", ווי מיט „יאָ'ס". זי שטיצט זיך נ י ט אויף אַ ל־ג ע מ י י נ ע ם וואהלרעכט, און ניט אויף ג ל י י כ ע ן, און ניט אויף ד י ר ע ק ט ע ן און ניט אויף ג ע ה י י מ ע ן וואהלרעכט. אין דער באָלשעוויסטישער רעפּובליק — ווען מיר זאָלען שוין צוגעבען, אַז דאָס איז אַ רעפּובליק — איז די רעגיערונגס־מאַכט נ י ט אונטער דער קאָנטראָל פון די פּאַרטרעטענדע אָרגאַנען, זי איז זיי נ י ט שולדיג קיין חשבון: דאָס איז ניט קיין רעגיערונג א ו נ ט ע ר פאַר־טרעטערשאַפט, נאָר אַ רעגיערונג א י ב ע ר פאַרטרעטער־שאַפט. די שותפות פון פאַרוואַלטונג און געזעצגעבונג איז דאָ פאַרווירקליכט אין אַ פאָרם, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען אין אַ רעפּובליק — די געזעצגעבענדע אָרגאַנען זיינען א ו נ ט ע ר ו ו אָ ר פ ע ן די פאַרוואַלטונגס־אָרגאַנען. מיט איין וואָרט, דאָ האָבען מיר פאַר זיך — ניט אמת'ן דעמאָקראַטיזם און פּאַרלאַמענטאַריזם, נאָר ד ע מ אָ ק ר אַ־ט י ז ם א ו ן פּ אַ ר ל אַ מ ע נ ט אַ ר י ז ם מ י ט'ן א ו נ ט ע ר ש ל אַ ג א ר ו י ף.

דער הויפּט־תנאי פון אַ דעמאָקראַטישער אָרדנונג איז, אַז די רעכטען און פליכטען זאָלען זיין פאַרטיילט צווישען אַ ל ע מ ע ן א ו ן ג ל י י ך. ניטאָ קיין רעכטען אָהן פליכטען און ניטאָ קיין פליכטען אָהן רעכטען. און אָט געגען דעם כלל פון אַלגעמיינהייט און גלייכהייט זינדיגט די באָלשעוויסטישע רעפּובליק אויף טריט און שריט. און ניט נאָר דערמיט, וואָס מיט איהר ניי־קאָמוניסטישען לאָ־זונג: „פרייהייט ניט פאַר אַלעמען, נאָר פאַר די האָרע־ווענדע און עקספּלואַטירטע" — שליסט זי אויטאָמאַטיש אויס די „עקספּלואַטירענדע קלאַסען" פון אַלע אָהן אויס־נאהם רעכטען, אָנוואַרפענדיג אויף זיי בלויז פליכטען — נאָר אַלגעמיינהייט און גלייכהייט ווערען אויפ'ן גרעבסטען אופן ניט אָפּגעהיט ביים פאַרטיילען דאָס וואהלרעכט אפילו צווי־שען די האָרעווענדע און עקספּלואַטירטע גופא.

פאַקטיש איז באַרויבט פון וואהלרעכט ניט נאָר די בורזשואַזיע: די גרויסע, מיטעלע און קליינע, אָהן אונטער־

שיעד און פאַלשטענדיג; פאַקטיש זיינען באַרויבט פון רעכט די האַרעווענדע, קבצנישע אינטעליגענץ, אַלס גרופּע פאַר זיך; אַרבייטער, וואָס קומט אויס צו אַרבייטען איינציג־ווייז; די פרויען פון אַרבייטער, וואָס זיינען ניט באַשעפ־טיגט אויף פאַבריקען; אַרבייטסלאָזע; פּויערים, צוואַוואַר־פּענע אויף די פעלדער און ניט אָרגאַניזירטע אין סאָוועטען א. ז. וו. אָט די אַלע געוואַלדיג צאָהלרייכע שיכטען פון די האָרעווענדע און עקספּלואַטירטע האָט די „העכסטע פאָרם" פון רעפּובליק אָהן רחמנות פארשטויסען.

ביים צונויפשטעלען די אויבער־אָרגאַנען פון דער רע־פּובליק — די סאָוועטען־צוזאַמענפאָהרען און דעם צענ־טראַלען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט — איז מען ניט נאָר עובר אויפ'ן פּרינציפּ פון אַלגעמיינהייט, נאָר אויך אויפ'ן פּרינ־ציפּ פון גלייכהייט. פריהער פון אַלץ איז די צאָהל אַרביי־טער־דעפּוטאַטען געמאַכט געוואָרען גלייך צו דער צאָהל פּויערים־דעפּוטאַטען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס די צאָהל אַרבייטער־וועהלער איז אָהן אַ שיער קלענער פון דער צאָהל פּויערים־וועהלער. איינע און די זעלבע אַרבייטער־וועהלער באַטייליגען זיך אין די וואַהלען צו די סאָוועטען צוויי מאָל — אין דער פאַבריק און אין דאָרף. איינע און די זעלבע סאָל־דאַטען האָבען געוועהלט צום צוזאַמענפאָהר פון די סאָל־דאַטען־דעפּוטאַטען און צום צוזאַמענפאָהר פון די פּויערים־דעפּוטאַטען. איינע און די זעלבע אַרבייטער קענען אויס־נוצען זייער וואַהלרעכט סיי אַלס אַרבייטער אין פאַבריק און סיי אַלס מיטגליעדער פון זייערע יוניאָנס. בעת געוויסע אַרבייטער, אָהן צווייפעל אויך האָרעווענדע און עקספּלואַ־טירטע, וועלכע זיינען אָבער באַשעפטיגט אויף קלענערע פאַבריקען און געהערען צו קלענערע יוניאָנס, האָבען ניט די פּריווילעגיע צו זיין דאָפּעלט פאַרטראָטען, זיינען אָבער אַנדערע גרופּען אַרבייטער אַזוי פּריווילעגירט, אַז זיי זיינען זוכה צו דרייפאַכער פאַרטרעטערשאַפט — ספּעציעל ווען דאָס איז נויטיג פאַר פּאַרטיי־באָלשעוויסטישע צוועקען. אַזוי, צום ביישפּיעל, ביי די וואַהלען צום מאָסקווער סאָוועט האָבען די אַרבייטער־קאָאָפּעראַטיווען און די קראַנקען־קאַ־סעס, וועלכע זיינען ניט געווען גענוג כשר פון באָלשעוויס־טיש־פּאַרטייאישען שטאַנדפּונקט, אין גאַנצען ניט באַקומען דאָס רעכט צו שיקען פאַרטרעטער. אָבער די טריי־אונטער־טעניגע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבען זוכה געווען צו דאָפּעלטער גנאָד: מען האָט זיי באַוויליגט איינמאָל פאַר־

טערטערשאפט, אלס פאראיינען, יעדען באזונדער, און א צוויי־
טען מאל — א ספעציעלע פארטרעטערשאפט פאר אלע
פראפעסיאנעלע פאראיינען צוזאמענגענומען, זייער צענטרא־
לער ביורא.

נאך א ביישפיעל. יענע וועהלער, פון די ארבייטער
און ניט ארבייטער, וועלכע אין די וואהלען צו דער גרינ־
דונגס־פארזאמלונג האבען געשטימט פאר די באלשעוויקעס
און די לינקע עס־ערען, — און יענע זיינען ערוועהלט גע־
ווארען, — זיינען זיי נאכדעם ווי די גרינדונגס־פארזאמ־
לונג איז צוטריבען געווארען באלוינט געווארען דערפאר מיט
פלעצער אויפ'ן דריטען צוזאמענפאהר פון די סאוועטען —
מיט פולען שטימרעכט. ניט זייענדיג אפילו קיין ערוועהל־
טע, נאר וועהלער צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג, זיינען זיי
אויטאמאטיש געווארען מיטגליעדער פון דעם סאוועטען־
צוזאמענפאהר. אחוץ דעם האבען זיי נאך גענוועהלט דעלע־
גאטען צום צוזאמענפאהר אלס מיטגליעדער פון זייערע אר־
גאניזאציעס. אויף אזא אופן זיינען זיי באגליקט געווארען
מיט דאפעלטער פארטרעטערשאפט, ווייל זיי האבען געהאט
דאס גליק צו שטימען פאר די באלשעוויקעס און לינקע עס־
ערען און זייערע קאנדידאטען האבען געהאט דאס גליק ער־
וועהלט צו ווערען. בעת אנדערע וועהלער, וועלכע האבען
געשטימט פאר אנדערע פארטייען, אדער זייערע קאנדידא־
טען־באלשעוויקעס און לינקע עס־ערען — זיינען דורכגע־
פאלען, האבען דעם זכות ניט געהאט.

איהר זעהט, דער באלשעוויזם האט אנגעהויבען דער־
פון, וואס ער האט בארויבט פון וואהלרעכט די „עקספלוא־
טאטארישע קלאסען" — וועלכע, אין פארגלייך מיט די
ארבייטענדע קלאסען, זיינען גאנץ נישטיג אין צאהל. אבער
דערמיט אליין שטעלט זיך דער באלשעוויזם אין שארפען
ווידערשפרוך מיט דעם עלעמענטארען פרינציפ פון פאלקס־
רעגיערונג. און איינמאל עובר געוועזן אויף די גרונד־גע־
באטען פון פאלקס־רעגיערונג — אז אלע, אלע בירגער זא־
לען גלייכבארעכטיגט זיין — שלאגען זיך ארויס די בויער
פון די נייע רעגיערונגס־פארמען דעם פונדאמענט פון אונ־
טער די פיס. צופאל און „ווי מיר געפעלט" פארנעהמט
דעם פלאץ פון א פעסטען און ביז צו זעלבסטפארשטענד־
ליכקייט קלארען פרינציפ. די „העכסטע פארם" פון רעפוב־
ליק, ניט געבענדיג גארנישט ממשות'דיגעס צו די הארע־
ווענדע קלאסען, קעהרט זיך אום צו די ערגסטע מוסטערען

פון דער פארגאנגענהייט, ווען דער שטאאט האָט געטיילט די באפעלעקרונג אויף פארשיעדענע שטאנדען, קלאסען און קאסטעס — אויף רעכטלאָזע, פולבארעכטיגטע און פריווי־לעגירטע — און האָט אין איינקלאנג מיט דעם אויך אָרגאַניזירט די פארטרעטערשאפט — ניט אַן אַלגעמיינע פאר־טרעטערשאפט פון גלייכבארעכטיגטע בירגער, נאָר אַ קוריען־פארטרעטערשאפט — לויט ראנגען, שטאנדען, קלאסען און קאסטען — פאר יעדען ראנג און שטאנד אַ באזונדערע וועהלער־קוריע.

צוזאמען מיט אַלגעמיינע און גלייכע וואהלערכט, האָבען די באָלשעוויקעס אויך אָוועקגעמאכט מיט די צוויי אַנ־דערע יסודות פון פאָלקס־רעגיערונג — מיט דירעקטע וואהלען און געהיימער אָפּשטימונג.

די וועהלער אין סאָוועטען־רוסלאנד וועהלען ניט די־רעקט צו דער געזעצגעבענדער קערפערשאפט, נאָר אינדי־רעקט, דריי מאָל אינדירעקט. די באָלשעוויסטישע רעפּוב־ליק איז אַ דריי און נאָך מעהר שטאָקיגע געביידע: די פּויערים, ארבייטער און סאָלדאטען וועהלען זייערע דעפּו־טאטען אויף די פאבריקען, אין די דערפער, אין די קאזאר־מעס; די דאָזיגע דעפּוטאטען שטעלען צונויף די לאָקאלע סאָוועטען; די סאָוועטען ערוועהלען זייערע פאָרשטעהער אויף די צוזאמענפאָהרען; און ערשט די צוזאמענפאָהרען וועהלען פון זיך די מיטגליעדער פון צענטראלען עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פון די סאָוועטען — וואָס נאָמינעל איז ער דער העכסטער, דער אויבער־אָרגאַן פון דער רעפּובליק.

אַזוי שטעהט עס אויך מיט דער געהיימער אָפּשטימונג, וועלכע איז אַלעמאָל און אומעטום פאררעכענט געוועזן אַלס נויטיגע גאראנטיע פאר דער פרייהייט פון די וואהלען. געהיימע אָפּשטימונג שיצט דעם וועהלער פון דרוק פון דער זייט פון זיינע עקאָנאָמישע און פאָליטישע געגנער. זעלטען, זעלטען איז צו געפינען אַ געגנער פון געהיימער אָפּשטימונג אפילו צווישען די ליבעראלע שרייבער. איינער אַזאַ געג־נער, געאָרג מייערס, קריטיקירט געהיימע אָפּשטימונג אויף דעם גרונד, וואָס זי „פיהרט איבער דעם וועהלער" — ער־ציהט אין פאָלק כאראקטערלאָזיגקייט. דאָס רוב שרייבער אָבער, די דעמאָקראטישע און סאָציאַליסטישע אָהן אויס־נאהם, ערקלעהרען אין איין קול, אַז, פארקעהרט, אָפענע אָפּשטימונג פיהרט גיכער איבער דעם וועהלער, קאָנטראָ־לירט זיין ווילען, מאכט איהם אָפּהענגיג פון די יעניגע, פאר

וועלכע ער האָט אַ גרונד מורא צו האָבען — און אויף אַזאַ אופן ווערט אונטערדריקט זיין פרייהייט און געוויסען. אָפּענע אָפּשטימונג דיענט די יעניגע, אין וועמעס אינטערעסען עס איז, אַז אַלץ זאָל בלייבען ביים אַלטען, אַז די יעניגע, וועלכע זיינען איינמאָל ערוועהלט, זאָלען נאָך אַ מאָל ערוועהלט ווערען; אָפּענע אָפּשטימונג האָט אַלעמאָל און אומעטום געשאַפען גרויסע צאָהלען ניט־שטימער — ד. ה. אַזעלכע, וועלכע האַלטען זיך צוריק פון שטימען. און אָט ווארום: אום צו פארזיכערען די פרייהייט פון די וואהלען, אום צו באשיצען די וועהלער פון שטראָף און דרוק פון דער זייט פון די מאַכט־האָבער — עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און אפילו פּארטייאישע מאַכט־האָבער — אָט ווארום דער אמת'ער דעמאָקראַטיזם האָט שטענדיג געפּאָדערט געהיימע אָפּשטימונג. זי ווערט אָנגעווענדט אפילו אין די פּארטייען גופא, אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, צום ביישפּיעל, ביי די וואהלען צו די לייטענדע קאָמיטעטען.

דער באָלשעוויסטישער רעזשים האָט ניט אויסגעשלאָסען געהיימע אָפּשטימונג, אָבער ער האָט אין גאַנצען געענדערט איהר זין און כאראקטער; ער האָט זי אוועקגענומען ביי די וועהלער און איבערגעגעבען צו די ערוועהלטע.

ביי די לעצטע וואַהלען צום מאָסקווער סאָוועט האָט דער געוועזענער פּאָרזיצענדער פון סאָוועט, דער טרויעריג־באריהמטער פּראָפעסאָר פּאָקראָווסקי, ניט אַנדערש פאַר־לאַנגט מען זאָל זיך אָפּזאָגען פון געהיימער אָפּשטימונג, ווייל דאָס איז אַן אָפּגעלעבטער בורזשואַזער פּאָראורטייל.

אָבער דער דאָזיגער „בורזשואַזער פּאָראורטייל“ ווערט אָפּגעהיט שטרענג, ווען מען דאַרף באשיצען די דעפּוטאַטען פון קאָנטראָל און דרוק פון דער זייט פון די וועהלער — פון די אַרבייטער, פּויערים און סאָלדאטען. דער צענטראַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט און דער צוזאַמענפאָהר פון די סאָוועטען האָט ניט איינמאָל צוריקגעוואָרפען פאָרשלאַגען פון דער אָפּאָזיציע, אַז די אָפּשטימונג איבער נויטיגע פראַגען זאָל צוגעהן אָפען, דורך אויסרופען די נעמען („ראָל־קאָלל“); און ווען אַזאַ פאָרשלאַג איז אַמאָל דורכגעגאַנגען, ביי דער אָפּשטימונג איבער ברעסט־ליטאָווסקער פריעדען, האָט מען ניט פאַרעפענטליכט די נעמען — ווער עס האָט געשטימט פאַר און ווער געגען.

אויף אַזאַ אופן איז די יעניגע, וועלכע נויטיגען זיך ווירקליך אין שוץ געגען דרוק פון די מאַכט־האָבער — די

וועהלער — יענע באשיצט די „העכסטע פאָרם“ פון רע־
פובליק ניט; די יעניגע אָבער, וועלכע לויט זייער פּאָזיציע,
דארפען יא האָבען איבער זיך אַ קאָנטראָל, און עס וואָלט
געווען גוט, אַז זיי זאָלען פיהלען דעם דרוק — די דעפּו־
טאטען — זיי באשיצט די רעפּובליק מיט אַ דאָפּעלטען
פּאנצער.

ניט נאָר אין „פּארשיווע בורזשואזע רעפּובליקען“, נאָר
אפילו אין אנשטענדיגע קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנארכיען, איז
די רעגיערונג אונטער דער קאָנטראָל פון פּארלאמענט, איז
פאראנטוואָרטליך צו די פאָלקס־פּארטרעטער און מוז זיי אָפּ־
געבען דין וחשבון. אין דער „העכסטער פאָרם“ פון רע־
פובליק איז די לאַגע פונקט פארקעהרט, כאָטש מיט׳ן מויל
זיינען די באָלשעוויקעס נאָך אַלץ טריי דעם אַלטען בורזשוא־
זען באגריעף וועגען פאראנטוואָרטליכקייט פון די רעגיערער
צו די רעגיערטע.

שוין אין ערשטען דעקרעט, וואָס דער ראַט פון פאָלקס־
קאָמיסארען האָט ארויסגעלאָזען וועגען זיך אַליין, האָט ער
דעם צוזאמענפאָהר פון די סאָוועטען צוגעשריבען אזא מין
מאכט: „קאָנטראָל איבער דער טעטיגקייט פון די פאָלקס־
קאָמיסארען. דאָס רעכט זיי אראָפּצוזעצען געהערט צו דעם
אַל־רוסישען צוזאמענפאָהר פון די סאָוועטען פון די ארביי־
טער, פויערים און סאָלדאטען־דעפּוטאטען און זיין צענטראַ־
לען עקזעקוטיוו קאָמיטעט“.

אין דער אמת׳ען אָבער איז די לאַגע גאנץ אנדערש.
עס איז גענוג, אַז מיר וועלען דערמאָנען, אַז אַלע, בוכשטעב־
ליך אַלע פון די הויפּט־וויכטיגע אקטען, האָט די „פויערים־
ארבייטער־רעגיערונג“ דורכגעפיהרט גאנץ זעלבסטשטענדיג,
איינער אַליין, ניט אויף דעם באשלוס פון צענטראלען עק־
זעקוטיוו־קאָמיטעט אָדער צוזאמענפאָהר פון די סאָוועטען
און נאָך איידער אזא באשלוס האָט געקענט געפּאסט ווערען.
די קערפּערשאפט, וועלכע לויט דעם דעקרעט האָט געדארפט
די „פאָלקס־רעגיערונג“ קאָנטראָלירען, איז אוועקגעשטעלט
געוואָרען פאר אַ פארטיגען פאַקט. אזוי איז געווען אין
דער פינסטערער נאכט פון 24טען אויפ׳ן 25טען אָקטאָבער,
ווען פונקט ע ר ב דעם צווייטען צוזאמענפאָהר פון די
סאָוועטען איז געמאכט געוואָרען אַ „סאָציאַלע רעוואָלוציע“;
אזוי איז אויך געווען דעם 6טען יאנואר, ווען עס איז
„פאנאנדערגעלאָזען געוואָרען“ די גרינדונגס־פארזאמלונג
פונקט ערב דעם 3טען צוזאמענפאָהר פון די סאָוועטען.

אוועקגעהענדיג פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג, האָבען די באָלשעוויקעס פאָרגעלייענט אַן ערקלעהרונג, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט די ווערטער:

„ניט וועלענדיג צודעקען די פארברעכענס פון די שונאים פון פאָלק, ערקלעהרען מיר, אַז מיר פארלאָזען די גרינדונגס־פארזאמלונג מיט דעם צוועק איבערצוגעבען צו דער ס אָ וו ע ט ע ן ־ מ א כ ט די ענדגילטיגע ענטשיי־דונג איבער דער פראגע וועגען אונזער שטעלונג צו דעם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען טייל פון דער גרינדונגס־פארזאמ־לונג."

ווען די באָלשעוויקעס האָבען געמאַכט די ערקלעהרונג, האָבען זיי שוין געהאַט באַשלאָסען ביי זיך פארטיג צו מאַכען די גרינדונגס־פארזאמלונג, וואָרים אין עטליכע שטונ־דען אַרום איז די גרינדונגס־פארזאמלונג שוין געוועזן „פאָר־מעל פאנאנדערגעלאָזען" דורך אַ דעקרעט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען, ארויסגעגעבען אָ ה ן ד ע ם וו י ס ע ן א ו ן אָ ה ן ד ע ר ג ו ט ה י י ס ו נ ג פ ו ן צ ע נ ט ר א ל ע ן ע ק ז ע ק ו ט י וו ־ ק אָ מ י ט ע ט.

דערביי איז אינטערעסאַנט אַ ניט וויכטיגע, פון אויבען־אויף, אָבער גאַנץ כאראקטעריסטישע אייגנצעלהייט. דער אָריגינאַל פון דער ערקלעהרונג, וואָס איז נאָכ'ן פאָרלייענען איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם סעקרעטאר פון דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג, אי'ז אָפּגעדרוקט געוועזן אויף אַ שרייב־מאַשין, און אין אָריגינאַל זיינען די ווערטער „סאָוועטען־מאַכט" געוועזן אָנגעשריבען מיט בלייפעדער איבער די אָפּ־געדרוקטע און פארשטראָכענע ווערטער: „צ ו ם צ ע נ־ ט ר א ל ע ן ע ק ז ע ק ו ט י וו ק אָ מ י ט ע ט פ ו ן ד י ס אָ וו ע ט ע ן פ ו ן ד י א ר ב י י ט ע ר, ס אָ ל־ ד א ט ע ן א ו ן פ ו י ע ר י ם ד ע פ ו ט א ט ע ן."

דאָס זאָגט עדות, אַז דאָס צוטרייבען פון דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג איז געווען אין פאָראויס באַשלאָסען. געזאָלט האָט דאָס טאָן דער צענטראַלער עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט א. ז. וו. דערנאָך האָבען זיי אָבער באַשלאָסען אַליין, מיט דער אייגענער „סאָוועטען"־מאַכט, אָפּצורעכענען זיך מיט דעם „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען טייל" פון דער גרינ־דונגס־פארזאמלונג, ניט וואַרטענדיג און ניט פרעגענדיג, וואָס עס וועט אויף דעם זאָגען דער צענטראַלער עקזעקוטיוו קאָמיטעט א. ז. וו. מעלדענדיג, אַז זיי געהען ערשט איבער־

געבען די ענדגילטיגע ענטשיידונג צו דער סאָוועטען־מאַכט, האָבען די באָלשעוויקעס פשוט געשפּיעלט א קאָמעדיע.

א פיין שטריכעלע און ניט אָהן אינטערעס פאַר דער געשיכטע פון ערשטען טאָג פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

דאָס זעלביגע האָט זיך ווידערהאָלט מיט זייער „גע־ניאַלען מאַנעוור" — „ניט פריעדען און ניט מלחמה" — וועלכער איז גלייך פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם גענצ־זאַץ דערפון — א י פ ר י ע ד ע ן א י מ ל ח מ ה. דער פערטער סאָוועטען־צוזאַמענפאָהר האָט געפונען פאַר זיך דעם פאַקט א פאַרטיגען, און האָט ווילענדיג ניט ווילענדיג זיך גע־מוזט אונטערשרייבען אונטער איהם.

ניט די ערוועהלטע קערפּערשאַפט — ניט דער צענ־טראַלער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אָדער צוזאַמענפאָהר פון סאָ־וועטען — האָט אין איהרע הענד די בורזשעטען־מאַכט, ניט זי טיילט איין די פאָנדען דער „רעגיערונג" און באַשטימט איהרע איינקונפטען און אויסגאַבען, נאָר פאַרקעהרט — די רעגיערונג באַנוצט זיך מיט'ן שטאַאטס־בודזשעט צו האַל־טען אין געהאָרכזאַמקייט די סאָוועטען. ניט די צענטראַלע עקזעקוטיווע האַלט דעם שליסעל צו דער קאַסע, ניט זי אַסיגנירט מיטלען דעם ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען, נאָר פאַרקעהרט — דער ראַט אַסיגנירט מיטלען אויסצוהאַלטען די צענטראַלע עקזעקוטיווע. עס קומט אַלזאָ אויס, אז דער כלומרשט קאָנטראָלירענדער „אויבער־אָרגאַן" פון דער סאָ־וועטען־רעפּובליק, צו וועלכען די רעגיערונג, לויט'ן געשרי־בענעם וואָרט פון דער קאָנסטיטוציע, איז שולדיג חשבון, איז אין דער אמת'ען גאָר אויף געהאַלט, אין דער ראָלע פון בעאַמטע, וועלכע באַקומען באַצאָהלט פון דער רעגיערונג און זיינען פאָלשטענדיג אָפּהענגיג פון זייערע שעפען.

די אָפּהענגיגקייט קען מען אילוסטרירען מיט ציפערען: פון די 5 מיליאָן 300 טויזענד רובעל, וואָס האָבען אויסגע־מאַכט דעם ביודזשעט פון דער צענטראַלער עקזעקוטיווע פאַר די ערשטע דריי חדשים פון יאָהר 1918, איז בלויז א ניש־טיגע סומע — 72 טויזענד רובעל — אריינגעקומען אין דער פאָרם פון „פּריווילעגיע צאָהלונגען און זאַמלונגען" צווי־שען די אַרבייטער און סאָלדאַטען. די גאַנצע איבעריגע סומע, איבער 5 מיליאָן רובעל, איז אַריינגעקומען פון ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרען אין דער אָדער יענער פאָרם, אָבער אַלץ — צוגעוואָרפענע נדבות פון דעם „קאַזיאָנעם קאַסטען".

דורך דעם רעקרעט וועגען די פּראָווינציעלע קאָמיסאַ־

רען, פארעפענטליכט דעם 16טען אפריל 1918, זיינען די פראווינציעלע סאָוועטען, וועגען וועלכע עס ווערט געזאָגט, אַז זיי געהערט די „גאנצע מאכט אויף די ערטער", אונטער־וואָרפען געוואָרען און געשטעלט געוואָרען אין פארמעלער אָפּהענגיגקייט פון די רעגיערונגס־אגענטען. דער פערטער פּונקט פון דעקרעט שרייבט פאָר: „די סאָוועטען מוזען אומ־באדינגט געבען זייער פולע שטיצע צו אַלע אויסעראָרדענט־ליכע און אנדערע קאָמיסארען. אויסצופאָלגען די פאראָרדנונגען פון די קאָמיסארען איז אַ חוב פאר אַלע לאָקאַלע סאָוועטען."

די „פּויערים־ארבייטער רעגירונג" איז קיינמאָל ניט ערוועהלט געוואָ־רען פון דער פארטרעטענדער קערפּער־שאַפט פון די ארבייטער, פּויערים און סאָלדאטען, ווערט אויך איצט ניט ער־וועהלט און איז ניט אראָפּגעזעצט גע־וואָרען ביז'ן היינטיגען טאָג. ווי בעת דער איבערקעהרעניש, אזוי אויך שפּעטער, ווערט די רעגיע־רונג צונויפגעשטעלט, געביטען און אויסגעפילט בלויז דורך זעלבסט־באשטימונג פון די פערזאָנען, וואָס שטעלען צונויף דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון דער באָלשע־וויסטישער פּארטיי. די שוין באשטימטע „פאָלקס־קאָמיסאַ־רען" ווערען שפּעטער, נאָכ'ן געשעהענעם פאַקט, דורכגעלאָזען דורך דער צענטראלער סאָוועטען־עקזעקוטיווע, צוזאמען מיט אַ גאנצען הויפען קליינינגקייטען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג, מעהר נישט פאַר אינפאָרמאציע אזוי צו זאָגען פון די מיט־גליעדער פון דער עקזעקוטיווע און זייער שטומער גוטהייסונג.

די „העכסטע פאָרם" פון רעפּובליק האָט אין דער ווירק־ליכקייט מיט פארלאמענטאריזם און דעמאָקראטיזם גאָרניט געמיינשאפטליכעס. דער פערזענליכער רעזשים פון לענינ'ען און זיין קרייזעל, וועלכע קירעווען וואו זיי ווילען די 200 טויזענד באָלשעוויקעס, — לויט לענין'ס איבערטרייבענדער סטאַטיסטיק — און וועלכע גיבען זיך ארויס פאר גאנץ רוסלאנד און פאר דאָס גאנצע האָרעווענדע פאָלק און וועלכע דולדען נעבען זיך אָרטיגע און צענטראלע פארטרעטענ־דע קערפּערשאפטען נאָר אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי פּאָלגען לענין'ס טייטעל — קען אנדערש זיכער ניט אָנגע־רופען ווערען ווי פארלאמענטאריזם און דע־מאָקראטיזם אויף דער לינקער זייט.

## 5. — בירגערליכע פרייהייטען אין סאָוועטען־רוסלאנד.

נ. בוכארין, א פּראָמינענטער באָלשעוויסטישער לי־דער, האָט אָנגעשריבען א פאמפלעט: „דאָס פּראָגראם פון דער קאָמוניסטישער פארטיי, אָדער פון די באָלשעוויקעס". אין דעם פאמפלעט ערקלערט נ. בוכארין, צווישען אַנדערע זאכען, אויך די שטעלונג פון די באָלשעוויקעס צו די ביר־גערליכע פרייהייטען, וועלכע ווערען באטראכט, און מיר האָ־פען, וועלען שטענדיג באטראכט ווערען אלס די יסודות פון דעמאָקראטיע.

נ. בוכארין זאָגט:

„עס איז דער ציעל פון די ארבייטער און פויערים צו מאכען צו נאָרנישט די בורזשואזיע, אויסצואוואָרצלען ביי איהר דעם פארלאנג צו פּרובירען נאָך אַמאָל אויפצושטעלען די בורזשואזע רעגירונג, און עס קען קיין פראגע ניט זיין וועגען גרויסע פרייהייטען פאר דער בורזשאזיע. און עס קען אויך קיין פראַגע ניט זיין וועגען געבען דער בורזשואזיע שטימרעכט, דאָס וואָלט געהייסען פארוואנדלען די סאָוועטען אין א דעמאָקראטיש־בורזשואזען פּארלאמענט.

„מיר הערען פון איבעראל פאָלגענדע אויסגעשרייען פון צאָרן און אפילו סטראשונקעס: איהר פארמאכט די ציי־טונגען; איהר ארעסטירט; איהר פארוועהרט פארזאמ־לונגען; איהר טרעט די פרייהייט פון וואָרט און די פריי־הייט פון דער פּרעסע; איהר פיהרט ווידער איין מאָנאר־כיע; איהר זייט פארברעכער און מערדער, און נאָך אזעל־כע זאכען. די פראגע וועגען „פרייהייטען" אין דער סאָווע־טען־רעפּובליק איז שטודירט געוואָרען גאנץ גענוי.

„ווען מיר הערען די לייט דיסקוטירענדיג וועגען דער „פּרעסע", פרעגען מיר אַלעמאָל: „ וועלכע פרעסע מיינט איהר, פון דער בורזשואזיע צי פון די ארבייטער?" ווען עס האנדעלט זיך וועגען פארזאמלונגען, ווילען מיר אַלעמאָל וויסען צי דער רעדנער מיינט פארזאמלונגען פון ארבייטער אָד'ער פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען. ווען מיר הערען ווע־גען סטרייקס, איז די ערשטע פּראגע, וואָס קומט אונז אויפ'ן געדאנק, צי זיינען דאָס סטרייקס פון ארבייטער געגען קא־פּיטאליסטען, אדער פון בורזשואזער אינטעליגענץ געגען דעם פּראָלעטאריאַט, אָדער א סאבאָטאזש פון דער בור־

זשואַזיע? ווען איהר מאַכט ניט דעם אונטערשייד, וועט איהר קיין זאַך ניט פאַרשטעהן. די פּרעסע, פאַרזאַמלונגען, פאַראיינען — זיינען פריהער פון אַלץ אינסטרומענטען פון קלאַסען־קאַמפּף. אין אונזער רעוואָלוציאָנערער עפּאָכע אָבער זיינען זיי וואפען פון בירגער־קריעג, פּונקט ווי קאַנאָנען, פּולווער און מאַשין־ביקסען. די איינציגע פראַגע איז, וועלכער קלאַס געברויכט זיי און געגען וועלכען קלאַס זיי זיינען געציעלט".

דאָס אַלץ, ווי איהר זעהט, איז זעהר איינפאַך. אָבער מיר נעהמען זיך דעם מוט צו באַהויפּטען, אז דער באָלשעוויסטישער שרייבער האָט קיין רעכט ניט צו ענטוויקלען אָט די אידעען אין נאָמען פון די אַרבייטער און פּויערים. עס זיינען דאָ איבערגענוג באַווייזע, אַז די רוסישע פּויערים און אַרבייטער און די רוסישע דעמאָקראַטיע בכלל, וועלכע האָבען באַקעמפּפט דעם צאַר'ס רעזשים אין נאָמען פון פריי־הייט, באַקעמפּפען און וועלען באַקעמפּפען די באָלשעוויסטישע טיראַניי אין נאָמען פון דעמזעלבען היילינען פּרינציפּ. זוכענדיג אויסצוראָטען די „בורזשואַזיע", האָבען די באָלשעוויסטישע הערשער אונטערדריקט ניט נאָר די ליבעראַלע, נאָר אויך די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּרעסע. דאָ איז אַן אַפּיל, וואָס איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אין פּעטראָגראַד און איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון פאָלגענדע אָרגאַניזאַציאָנען: „קאָמיטעט פאַר דער פּאַרטיי־דיגונג פון פרייער פּרעסע"; „צענטראַל קאָמיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל דעמאָקראַטישער אַרבייטער־פּאַרטיי"; „צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען רעוואָלוציאָנערען"; „צענטראַל קאָמיטעט פון די ראַטען פון די פּויערים־דעפּוטאַטען און פון פאַרבאַנד פון אַרבייטער־דרוקער."

„גענאָסען און בירגער! די בייזע אַרבייט פון צושטערען די דעמאָקראַטישע רעכט ווערט וואָס פון טאָג געפערליכער סיי פאַר דער קינפטיגער ענטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע און סיי פאַר דער פרייהייט, וואָס מיר האָבען געוואונען דורך איהר. בירגער־קריעג האָט אָנגעצונדען דאָס גאַנצע לאַנד, שטעדט ווערען פאַרניכטעט. די מלחמה פון ברודער געגען ברודער פאַרשלינגט די כחות פון אונזער רע־

וואָלוציאָנערער רעמאָקראַטיע. די קאַנאָנען, וואָס האָבען געדאַרפט פארזיכערען די געווינסען פון דער רעוואָלוציע, צעשמעטערען מאָנומענטען, היימען און די טעמפּלען פון קונסט. די שטערט פון רוסלאַנד פאַלען אונטער די הענט פון איהרע אייגענע בירגער.

ארבייטער און סאָלדאַטען! די רעוואָלוציאָן איז פאָרגעקומען, אום צו עראָבערען און איינצוהיטען די רעכט פון פאָלק. אָבער איינגע'עקשן'טע פאַנאַטיקער, און בלינ־דער משוגעת, צושטערען סיי די עראָבערונגען פון דער רע־וואָלוציע און סיי דאָס לאַנד גופא. די דעמאָקראַטישע טע־טיגקייט פון די ארבייטער איז אונטערדריקט געוואָרען. די נאַציאָן ווערט געטריבען צום חורבן, דאָס פאָלק ווערט בארויבט פון אלע פרייהייטען, וואָס עס האָט געוואונען דורך דער רעוואָלוציע. די, וועלכע פּרעטענדירען צו זיין די „הער־שער", האָבען גענוג צו באַהאַלטען. דערפאַר מאַכען זיי אייך צו האַלטען דאָס מויל און שטיקען די רעוואָלוציע, וועל־כע קלאַמערט זיך אָן די חורבות פון די צושטערטע שטעדט, וועלכע זיינען אָנגעזאַפּט מיט דעם בלוט פון ערמאָרדעטע ברידער. די פּרעסע איז געוואָרען אומלעגאַל. די פרייהייט פון דער פּרעסע איז איצט אַ פּריווילעגיע בלויז פון איין פּארטיי, ד. ה. פון די באָלשעוויקעס. די רעוואָלוציאָנערען האָבען ניט די טריבונע. ווי אין די פאַר־רעוואָלוציאָנערע צייטען, וויל מען אונז איינרעדען, אז רוסלאַנד באָדט זיך אין גליק, ווייל אָט זעהט איהר דאָך, דאָס פאָלק „באַקלאָגט זיך ניט".

אין די איצטיגע טעג, ווען בלויז אַ קליינע גרופּע פון עקספּראָפּריאַטאָרס זאָגען אָן דאָס אָנקומען פון סאָציאַליס־טישען שטאַאט, און די רעוואָלוציע ליגט אַ דערשטיקטע, אַ גע'חלש'טע פון דער שרעקליכער בלוט־אָפּצאַפּעניש אין בירגער־קריעג, שטרענגט זי אָן איהר לעצטען טראָפּען כח אויסצושרייען: „הורא פאַר דער פרייהייט פון דער פּרעסע !"

אין דער אמת'ן דאַרף אַן אמת דעמאָקראַטישע מאַכט קיין מורא ניט האָבען פאַר קריטיק און עפענטליכער מיי־נונג. בלויז די, וועלכע רעפּרעזענטירען די מינאָריטעט און ווילען אום יעדען פּרייז זיך איינהאַלטען אין מאַכט, בלויז אַזעלכע קומט אויס צו באַנוצען זיך מיט אַזעלכע אונטער־דריקונגס־מיטלען.

די פרייהייט פון דער פּרעסע איז געוואונען געוואָרען

דורכ׳ן פֿאָלק און פֿאר׳ן פֿאָלק. די זעצער אַפּעלירען צו אַלע פּראָלעטאַריער און בירגער צו שטיצען זיי אין זייער קאמפּף פֿאר דער פּרייהייט פֿון דער פּרעסע, ניט דערפֿאר ווייל זיי ווילען באַשיצען זייערע פּראָפֿעסיאָנעלע אינטערע־סען, נאָר ווייל זיי שטעלען זיך איין פֿאר די דעמאָקראַטישע רעכט פֿון דער גאנצער נאַציאָן.

דורך די פֿינסטערע טעג פֿון דער קאָנטר־רעוואָלוציע אין יוני זיינען די זעצער פֿעסט געשטאַנען פֿאר דער פּריי־הייט פֿון דער פּרעסע. דורך די ערשטע מאָנאַטען פֿון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע איז, א דאנק די זעצער, וועל־כע האָבען פֿאָרמולירט די פֿאָדערונגען פֿון דער רעוואָלוציע, געבראַכט געוואָרען ליכט צו די פֿינסטערע מאַסען. איצט, ווען דער נייער רעזשים, מיט זיינע אויסנאַהם־געזעצען, בויט שטיצען פֿאר דער קאָנטר־רעוואָלוציע, וויקלען מיר ווידער פֿאַנאַנדער די פֿאָהן פֿון דער פּרייהייט פֿון דער פּרע־סע. מיר בעטען און פֿארלאַנגען און האָפֿען צו קריגען די שטיצע פֿון דער גאַנצער דעמאָקראַטיע״.

## ווייטערדיגע דאָקומענטען וועגען די בירגערליכע פּריי־הייטען אונטער די באָלשעוויקעס.

מיר קענען ברייגען ווייטערע דאָקומענטען, וואָס ווייזען, ווי עס האַלט מיט די בירגערליכע פּרייהייטען אין באָל־שעוויסטישער רוסלאַנד. אין דער באָלשעוויסטישער צייטונג „איזוועסטיא״, פֿון 17טען אָקטאָבער 1918, געפֿינען מיר פֿאָלגענדע נאָטיץ, וועלכע לאָזט קיין צווייפֿעל ניט איבער וועגען דער שטעלונג פֿון די באָלשעוויקעס צו דער פּרייהייט פֿון דער פּרעסע:

„די צייטונג „מיר״ („פּריעדען״) פֿארמאַכט.

לויט דעם באַשלוס וואָס איז פֿארעפֿענטליכט געוועזען אין דער „איזוועסטיא״, נומער 159 פֿון 27טען יולי, באַווילינגט דער פּרעס־דעפּאַרטמענט ערלויבנישען אַרויסצוגעבען פּעריאָ־דישע פּובליקאַציעס, וועלכע האָבען אָנגענומען די סאָוועט־פּלאַטפֿאָרם. ביים באַווילינגען אַזעלכע ערלויבנישען נעמט דער פּרעס־דעפּאַרטמענט אין באַטראַכט, ווי גרויס עס איז דער זאַפּאַס פּאַפּיער, צו די באַפֿעלקערונג נויטיגט זיך אין דער פּראָיעקטירטער פּובליקאַציע און אויך ווי גרויס עס איז די צאָהל זעצער און פּרעסלייט, וועלכע דארפֿען באַזאָרגט ווערען מיט באַשעפֿטיגונג. און מען האָט דאַרום ערלויבט

אַרויסצוגעבען די צייטונג „מיר“, ספּעציעל, ווען דער אַרויס־געבער האָט ערקלערט, אַז זיין צייטונג שטעלט זיך פאַר איהר אויפגאַבע צו פּראָפּאַגאַנדירען פּאַסיפיסטישע אידעען אין דעם איצטיגען מאָמענט. אָבער ווען דאָס באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג פון דער פעדעראַטיווער סאָוועטען רעפּובליק אין אַן אָרגאַן פון טעגליכער אינפאָרמאַציע איז ווי געהעריג באַפרידיגט פון די סאָוועטען־פּובליקאַציעס; באַשעפטי־גונג פאַר די וואָס זיינען פאַרנומען אויפ'ן זשורנאַליסטישען פעלד, איז געזיכערט דורך די סאָוועטען־צייטונגען; א פּאַפּיער־קריזיס דערנעהנטערט זיך, באַטראַכט דאַרום דער פּרעס־דעפּאַרטמענט פאַר אוממעגליך צו ערלויבען די ווייטע־רע פּובליצירונג פון דער „מיר“, און האָט באַשלאָסען צו פאַר־מאַכען די צייטונג אויף שטענדיג.“

אין באָלשעוויסטישען אָרגאַן „סעווערנאַיאַ קאָמונא“, פון 13טען סעפּטעמבער 1918, איז פאַרעפענטליכט א דעקרעט, וועלכער רעגולירט דעם רעכטליכען שטאַנד פון עפענטליכע פאַראייניגונגען און פאַראַזמלונגען:

„1) אַלע חברות, יוניאַנס, און אַסאָציאַציעס — פּאָלי־טישע, עקאָנאָמישע, אַרטיסטישע רעליגיעזע, א. ז. וו. — וועלכע ווערען פאָרמירט אויף דער טעריטאָריע פון פאַר־באַנד פון די קאָמונעס פון צפון־געגענד, מוזען רעגיסטרירט ווערען ביי די אָרטיגע סאָוועטען אָדער קאָמיטעטען פון דאָר־פישע אָרימע לייט.

2) די קאָנסטיטוציע פון דער יוניאָן אָדער חברה, א ליסטע פון די גרינדער און פון די מיטגליעדער פון קאָמי־טעט, מיט זייערע נעמען און אַדרעסען, דאַרפען צוגע־שטעלט ווערען פאַר רעגיסטראַציע.

3) אַלע ביכער, פּראָטאָקאָלען, א. ז. וו., דאַרפען געהאַלטען ווערען אָפען פאַר די פאַרטרעטער פון דער סאָוועט־מאַכט צום צוועק פון רעוויזיע.

4) וועגען יעדען עפענטליכען אָדער פּריוואַטען מיטינג דאַרף מען לאָזען וויסען מיט דריי טעג פריאויס צום סאָוועט אָדער קאָמיטעט פון דאָרפישע אָרימע לייט.

5) אַלע מיטינגען דאַרפען זיין אָפען פאַר די פאַרטרע־טער פון דער סאָוועט־מאַכט, ד. ה., פאַר די פאַרטרעטער פון צענטראַלען, אָדער דיסטריקט־סאָוועט, פון קאָמיטעט פון אָרימע לייט און פון דער קאָמענדאַנטאַטור פון דער רעוואָ־לוציאָנער געהיים־פּאָליציי.

6) יוניאָנס און חברות, וועלכע פאָלגען ניט אויס די

רעגולאציאָנען, וועלען באטראכט ווערען אלס קאָנטר־רעוואָ־לוציאנערע אָרגאניזאציעס און וועלען פארפאָלגט ווערען.״

דער ערשטער דאָקומענט ווייזט, אז אפילו די יעניגע פובליקאציעס, וואָס זייער ריכטונג האָט די גוט־הייסונג פון די באָלשעוויסטישע לידערס, קריגען די ערלויבנים צו עקזיס־טירען נאָר אזוי לאנג ווי די באדערפניש פון דער באפעל־קערונג איז נאָך ניט באפרידיגט ווי געהעריג פון די סאָווע־טען־פובליקאציעס. אין רעזולטאט עקזיסטירען אין סאָווע־טען־רוסלאנד בלויז באָלשעוויסטישע צייטונגען.

דער צווייטער דאָקומענט, וועלכער איז אונטערגעשרי־בען פון דעם באוואוסטען זינאָוויעוו׳ן, איז פון א באזונ־דערען אינטערעס, ווייל זיין אינהאלט און אפילו זיין סטיל דערמאָהנען זעהר שטארק די צייטען פון צאַר ניקאָלאי.

---

## 6. — דער רויטער טעראָר געשילדערט פון די באָלשעוויקעס אַליין.

1

די עפענטליכע מיינונג אין אמעריקא האָט ארויסגע־וויזען גרויס אינטערעס צו דער פראגע, צי עס עקזיסטירט אין רוסלאנד אונטער די באָלשעוויקעס א סיסטעם פון טעראָר. די באָלשעוויסטישע פראָפאגאנדיסטען און סימפּא־טיזירער האלטען אין איין טענה׳ן, אז עס איז קיין טעראָר ניטאָ אין רוסלאנד, אָדער, וועניגסטענס, אז די אלע באריכ־טען וועגען טעראָר זיינען איבערטריבען. מיר ברענגען דאָ די פאָלגענדע דאָקומענטען, וועלכע ריידען פאר זיך אליין, ווייל די מאָסקווער „איזוועסטיא״ און די פעטראָגראדער „סעווערנאיא קאָמונא״, פון וועלכע מיר נעהמען זיי ארויס, זיינען אָפיציעלע באָלשעוויסטישע אָרגאנען.

די „איזוועסטיא״ פון 19טען אָקטאָבער, 1918, האָט געדרוקט פאָלגענדע שטיקעל נייעס אונטער דעם קעפּעל:

„די קאָנפערענץ פון דער עקסטראאָרדינערער קאָמיסיע״.

„פעטראגראד, אָקטאָבער 17. — אויף דער היינטיגער זיצונג פון דער קאָנפערענץ פון דער עקסטראאָרדינערער אונ־טערזוכונגס קאָמיסיע, האָבען די חברים מאָראָז און

באקי פארגעלייענט רעפארטען, וועלכע גיבען דעם סך הכל פון דער טעטיגקייט פון דער עקסטראארדינערער קאמיסיע אין פעטראגראד און מאסקווע. קאמעראד באקי האט באַלויכטען די ארבייט פון דער פעטראגראד ראיאנער קאמיסיע נאכ׳ן אפפאהרען פון דער אל־רוסישער עקסטראארדינערער קאמיסיע קיין מאסקווע. די פולע צאהל פערזאנען, וואס זיינען ארעסטירט געווארען פון דער עקסטראארדינערער קאמיסיע, האט דערגרייכט ביז 6,220. פון זיי זיינען אכט הונדערט פערזאן דערשאסען געווארען."

מאסען־טעראר האט זיך אנגעהויבען אין רוסלאנד, גלייך ווי די באלשעוויקעס זיינען אריין אין מאכט. אבער די באלשעוויסטישע מעטאדען האבען זיך ספעציעל אנטוויקעלט אין הערבסט פון 1918, נאך דער ערמארדונג פון דעם באלשעוויסטישען קאמיסאר אוריצקי און דעם פארזוך אויף לענינ׳ס לעבען. מיר גיבען פאלגענדע ציטאטען:

„יאראסלאוול, סעפטעמבער 9. — אין דער גאנצער יאראסלאוולער גובערניע איז דורכגעפיהרט געווארען א שטרענגע רעגיסטראציע פון דער בורזשואזיע און איהרע אנהענגער. די אויסגעשפראכענע אנטי־סאוועט עלעמענטען זיינען דערשאסען געווארען; פארדעכטיגע פערזאנען זיינען אינטערנירט געווארען אין קאנצענטראציאנס־לאגערן; די ניט ארבייטענדע טיילען פון דער באפעלקערונג זיינען אונטערגעווארפען געווארען צו צוואנגס־ארבייט — „סעווערנאיא קאמונא", סעפטעמבער 10, 1918.

„טווער, סעפ. 9. — די עקסטראארדינערע קאמיסיע האט ארעסטירט און ארויסגעשיקט אין די קאנצענטראציאנס לאגערן איבער 130 משכנות פון צווישען דער בורזשואזיע. די ארעסטירטע שליסען איין מיטגליעדער פון דער קאדעטישער פארטיי, פון די רעכטע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען, געוועזענע אפיציערען, באוואוסטע מיטגליעדער פון די אייגענטימער־קלאסען און פאליציסטען" — „סעווערנאיא קאמונא", סעפטעמבער 10, 1918.

„אטקארסק, סעפ. 11. — נעכטען איז קריעגסגעזעץ פראקלאמירט געווארען אין שטאדט. אכט קאנטער־רעוואלוציאנערען זיינען דערשאסען געווארען." — „סעווערנאיא קאמונא", סעפט. 12, 1918.

„אין אסטראכאן האט די עקסטראארדינערע קאמיסיע

דערשאָסען צעהן סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען פון די רעכטע, וועלכע זיינען פארוויקעלט געווען אין א פארשווע־רונג געגען דער סאָוועטען־מאכט. אין קאראמישעוו זיי־נען דערשאָסען געוואָרען דער גלח לובימאָוו און דער דיא־קאָן קווינטיל פאר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער אגיטאציע גע־גען דעקרעט, וואָס טיילט אָפּ די קירכע פון שטאאט און פאר אַן אויפרוף צו שטירצען די סאָוועטען־רעגיערונג. אין פּערם,*) אלס נקמה פאר דער ערמאָרדונג פון אוריצקי'ן און פאר דעם אטענטאט אויף לענינ'ען זיינען 50 משכנות פון צווישען די בורזשואזע קלאסען און דער ווייסער גווארדיע דערשאָסען געוואָרען." — „סעווערנאיא קאָמונא", סעפּט. 18, 1918.

„א בונט איז פאָרגעקומען אין קירסאנאווער אויעזד. די בונטאָוושטשיקעס האָבען געשריען „נידער מיט די סאָווע־טען." זיי האָבען אויפגעלעזט דעם סאוועט און די קאָמי־טע פון די דארפישע ארימע לייט. דער בונט איז אונ־טערדריקט געווארען פון א באטאליאן פון די סאָוועטען־טרופּען. זעקס פון די אָנפיהרער זיינען דערשאָסען געווא־רען. אַן אונטערזוכונג ווערט געמאכט." — „איזוועסטיא", נאָוועמבער 5, 1918.

אָט די בלוטיגע פּראקטיק איז געווען און איז אין פו־לען איינקלאנג מיט דעם פאָלגענדען באשלוס, וואס דער אזוי גערופענער „ראָט פון פאָלקס קאָמיסארען" האָט אָנגענומען אין אָנהויב סעפּטעמבער פון 1918:

„דער ראָט פון די פאָלקס קאָמיסארען, אויסהערענדיג דעם באריכט פון דעם פארזיצענדען פון דער עקסטראאָר־דינערער קאָמיסיע, געפינט, אז אונטער די עקזיסטירענדע אומשטענדען איז אומבאדינגט נויטיג צו פארזיכערען די זיכערהייט הינטערן פראָנט דורך מיטלען פון טעראָר. אלע פּערזאָנען, וואָס געהערען צו ווייסע גווארדיע ארגאניזאציא־נען אדער וועלכע זיינען פארוויקעלט אין פארשווערונגען און אויפשטאנדען זאלען דערשאָסען ווערען. זייערע נע־מען און אלע איינצעלהייטען פון די קלאגען געגען זיי זאָ־לען פארעפענטליכט ווערען." — „סעווערנאיא קאָמונא", סעפּט. 19, 1918.

---

*) פּערם איז ביי 1000 מייל פון פּעטראָגראַד, וואו די ער־מאָרדונג פון אוריצקי'ן איז פארגעקומען.

ניט קוקענדיג אויף דעם פארשפּרעכען צו פּובליצירען די נעמען פון די „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערען“ און די קלאגען געגען זיי, ניבען ניט די באָלשעוויסטישע צייטונגען א פולען בילד פון דעם טעראר, וואס איז פּראקטיצירט געווארען פון די באָלשעוויקעס אין רוסלאנד. מיר ווייסען א היבש ביסעל וועגען דעם טעראר אין פּעטראגראד, אבער א סך ווענינער וועגען מאָסקווע. און צוליעב אן איינפאכען גרונד: מיר נעפינען, אז איבער דער טעטיגקייט פון דער אל־רוסישער עקסטראאָרדינערער קאָמיסיע, וועלכע זיצט אין מאָסקווע, איז ארויפגעווארפען געווארען א שלייער. אין א באריכט וועגען דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווער קאָמיטע פון מאָס־קווער סאָוועט, וואס איז אפּגעהאלטען געווארען דעם 10טען אָקטאָבער, לייענען מיר:

„דער רעפּארט וועגען דער ארבייט פון דער אל־רוסישער עקסטראאָרדינערער קאָמיסיע איז פאָרגעלייענט געווארען אויף א געהיימער זיצונג פון דער עקזעקוטיוו קאָמיטע. אָבער דאָס לייענען פון רעפּארט און די דיסקוסיעס וועגען איהם זיינען פאָרגעקומען אונטער פארמאכטע טירען און וועלען ניט פארעפענטליכט ווערען.“ — „איזוועסטיא“, אָקט. 17, 1918.

וואס פאר באשלוסען די מאָסקווער באָלשעוויקעס האָ־בען אָנגענומען הינטער פארמאכטע טירען און דער מאסען־טעראָר, וואס ווערט פּראקטיצירט אין מאָסקווע און איבער גאנץ רוסלאנד, אונטער דעם לאָזונג פון דער אל־רוסישער עקסטראאָרדינערער קאָמיסיע, איז גוט אילוסטרירט פון יעווגעני טרופ, א פּראָמינענטען סאָצ.־רעוואָלוציאָנער און מיטגליעד פון דער אל־רוסישער גרינדונגס־פאַרזאמלונג, וועלכער האָט אין דער סאמאַרער סאָציאל־רעוואָלוציאָנערער צייטונג „זעמליא אי וואָליא“ (לאנד און פרייהייט), אין דעם נומער פון 3טען אָקטאָבער, 1918, געשריבען פאָלגענדעס:

„נאָך דער ערמאָרדונג פון אוריצקי'ן זיינען אין פּעט־ראגראד 1500 פּערזאָן ארעסטירט געווארען; 512, צעהן סאָציאליסטען־רעוואלוציאנערען איינגעשלאָסען, זיינען דער־שאָסען געווארען. צו דערזעלבער צייט זיינען אין מאָסקווע ארעסטירט געווארען 800 פּערזאָן, אבער עס איז ניט באַ־וואוסט, וויפיעל פון זיי זיינען דערשאָסען געווארען. אין ניזשני־נאָווגאָראָד זיינען 41 דערשאָסען געוואָרען; אין יאראָסלאוול — 13; אין אסטראכאן — 12 סאָציאליסטען

רעוואָלוציאָנערען; אין סאראפּול, א מיטגליעד פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנע־רען, מ. י. טעטערקין; אין פּענזא ארום 40 אָפיצירען; יעדען טאָג ווערען מענשען דערשאָסען מאסענווייז; און דאָס אלץ איז א טראָפּען אין ים. איך האָב ניט קיין גענויע אינ־פאָרמאציע וועגען דער צאָהל דערשאָסענע אין אנדערע שטעדט אבער אין יעדער שטאָדט פּארשלינגט דער תהום פון די עקסטראָאָרדינערע קאָמיסיעס צעהנדליגע מענשלי־כע לעבענס.

„דאָרא קאפּלאן, וועלכע האָט געמאכט א פּארזוך אויף לענינען, איז געמאטערט געווארען. איהר צושטאנד איז צולעצט געוועזען אזא, אז זי האָט ניט געקענט געבראכט ווע־רען צום פּראצעס פאר דעם העכסטען טריבונאל און די עקס־טראָאָרדינערע קאָמיסיע האָט זי איינפאַך געמוזט דערשי־סען.״

„מאָריע ספּירידאָנאווא, א הייסע אָנהענגערין פון סאָ־וועטען־פּראגראם, געפינט זיך איצט שוין דעם דריטען מאָ־נאַט אין די אונטערארדישע געפענגניסען אין מאָסקווע. זי שרייבט פון דאָרט, אז זי וואלט זיך דאָס קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, ווי מען באהאנדעלט ארעסטירטע אין סאָווע־טען־רוסלאנד. די אלע גרוילען פון איהר לעבען דורך די עלף יאהר קאטאָרגע אין סיביר ווערען בלייך אין פאר־גלייך מיט דעם, וואס זי האָט איצט אויסצושטעהן.

„און צו די און אנדערע רציחות האָבען נאָך די רויטע גווארדייצעס דעם 6טען סעפּטעמבער געמאכט א דעמאָנ־סטראציע אין מאָסקווע, ארויסשטעלענדיג אלס זייערע הויפּט־פאָדערונגען: „טאָטען אנשטאָט ווערטער!״ און „גרויזאמער רויטער טעראָר אין קאמף געגען דער בורזשו־אזיע.״

„זיי האָבען פּארלאנגט, אז טעראָר זאָל אָנגעווענדט ווערען געגען דער בורזשואזיע, „קאָנטער־רעוואָלוציאָנערען״, „ווייסער גווארדיע״, דעם רעכטען פליגעל פון די סאָציאליס־טען־רעוואָלוציאָנערען, מענשעוויקעס און געגען אלע די, וואס זיינען אין אָפּאָזיציע צו דער סאָוועטען־מאכט.

„די לעצטע טעג, וואס איך האָב פּארבראכט אין מאָס־קווע און אין סאָוועטען רעגיערונג בכלל זיינען פול געוועזען מיט רויטען טעראָר. א גרויסער, שטומער, מרה־שחורה׳־דינער עולם, מיט בלייכע, דערשראָקענע פּנים׳ער, מיט אוי־

נען פול אנגסט, האָט זיך באוועגט איבער די גאַסען. „די
אָון די פּערזאָנען זיינען היינט ארעסטירט געווארען.״ —
„אַזויפיעל און אזויפיעל דערשאָסען געווארען״ — „שלאָפט
ניט אין דער היים; זיי זוכען אייך״. — „איהר לעבט נאָך?״
— „וואָס פאַהרט איהר ניט אוועק פון דאַנען?״ — מיט
אַזעלכע ווערטער ווארפט מען זיך דורך אין איילעניש.

„קיין געשפּרעכען ווערען ניט געהערט; בלויז א שטיל
שעפּטשען אין די ווינקלען. אלע ציטערען. אלע אָנגע־
פילט מיט גרויל פאר דעם ווילדען טעראָר. שפּיאָנען אי־
בעראַל. אויף די געוויסע פּלעצער קענט איהר זעהן זייערע
באַקאַנטע פיגורען.

„אָט די שפּיאָנען נישטערן אויף אלע סטאַנציעס, מי־
שען זיך אויס מיט דעם עולם פון דער רויטער גווארדיע, אין
די צוגען און אין אלע שמוציגע לעכער, אומעטום זיך דורכ־
שטופּענדיג. און פאָהרענדיג פיהלסטו, אז אויב דיין פּנים,
אָדער אפשר דיין קליידונג, אדער דיין מיינונג, אומפאָרזיכ־
טיג ארויסגערעדט, וועט זיי ניט געפעלען, קענסטו פארהאל־
טען ווערען יעדען אויגענבליק. דו פיהלסט, אז יעדער פּאַ־
סאַזשיר פארבארגט עפּעס אין זיך. „שווייגט, שווייגט, מיר
ווילען אלע שפּעטער ריידען, ווען מיר ווילען לאָזען הינטער
זיך דעם שפּיאָנען־קאָרדאָן.״

„איך בין געקומען קיין סאַמאַרא *) און קען זיך נאָך אַלץ
ניט צוגעוואוינען צו דער אידעע, אז דאָ זייט איהר פריי אויס־
צודריקען אייער מיינונג אין וואָרט און שריפט און זעהן אנ־
דערע טאָן דאָסזעלבע; אז אייער לעבען גופא הענגט ניט אָפּ
פון דעם קאַפּריז פון וועלכען עס איז רויטען גווארדייעץ.

„איך וועל ניט אזוי גיך איבערקומען די גרוילען, וואָס
איך האָב דורכגעלעבט אין רוסלאנד אונטער דער סאָוועטען־
הערשאַפט. ניין, מיר דוכט זיך, אז איך וואָלט אויפגעגעבּ־
פערט אלץ וואָס איך פארמאָג, אבי די יעניגע, וועמען עס איז
געלונגען ארויסצוראַטעווען זיך פון דארט, זאלען עס נאָך
אַמאָל ניט דארפען איבערלעבען. די טעטיגקייט פון דער
סאָוועטען־רעגיערונג מוז גלייך, אומבאַדינגט, איינגעצאַהמט

*) אין אָקטאָבער 1918 האָט זיך סאַמאַראַ געפונען אין די
הענט פון די טשעכאָ־סלאָוואַקען און די טרופּען פון דער רוסי־
שער פאָלקס־ארמיי.

ווערען, ווּיפיעל אָפּפער, וואסערע לײדען דאָס זאָל אונז ניט קאָסטען. דאָס איז אונזער פליכט, וואס מיר טאָרען ניט אָפּלייגען, געגען די יעניגע, וועלכע זיינען נאָך פארבליבען אין באָלשעוויסטישען רוסלאנד”.

2

צו די פריהערגעבראכטע דאָקומענטען, וואס שילדערען דעם רויטען טעראר אין באָלשעוויסטישען רוסלאנד, קע־נען מיר נאָך צוגעבען פאלגענדע דאקומענטען:

אין דער אבענד־אויסגאבע פון 18טען נאָוועמבער, 1918, פון „סעווערנאיא קאָמונא”, דעם אפיציעלען אָרגאַן פון פעט־ראגראדער סאָוועט, געפינען מיר א רעפּארט וועגען א זיצונג פון סאָוועט פון ערשטען פעטראגראדער דיסטריקט. נאָך א באריכט, וואָס איז אָפּגעגעבען געוואָרען פון כאריטאנאָוו, וועלכער האָט ספּעציעל זיך אָפּגעשטעלט אויף דער נויט־ווענדיגקייט צו אונטערדריקען די בורזשואַזע פּרעסע און נאָך רעדעס פון די אנדערע מיטגליעדער, איז אָנגענומען געוואָ־רען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„די פארזאמלונג באַגריסט דעם פאקט, וואס מאַסען־טעראָר ווערט אָנגעווענדט געגען די ווייסע גווארדייצעס און די העכערע בורזשואַזע קלאַסען, און ערקלערט, אז אויף יע־דען פארזוך אויף דעם לעבען פון איינעם פון אונזערע פיה־רער וועט דער פּראָלעטאַריאט ענטפערן ניט מיט אויסשיסען בלויז הונדערטער, ו ו י ד ע ר פ אַ ל א י ז א י צ ט, נאָר טויזענדער פון דער ווייסער גווארדיע, באנקירען, פאב־ריקאנטען, קאדעטען (קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטען) און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פון די רעכטע.”

מיר אונטערשטרייכען די ווערטער „ו ו י ד ע ר פ אַ ל א י ז א י צ ט”, ווייל זיי שפּיגלען אָפּ די אמת'ע נאטור פון באָלשעוויסטישען טעראָר. אפילו אונטער דעם צאר'ס רעזשים האָט דער מאָרד פון א בעאמטען, באגאנגען פון אן איינצעלנער פּערזאָן, קיינמאָל ניט געבראכט מיט זיך די אויסשיסונג פון הונדערטער אומשולדיגע.

די פאָלגענדע שטעלע פון א רעדע פון איינעם פון די אקטיווסטע באָלשעוויסטישע פיהרער, זינאוויעוו, וואס איז אָפּגעדרוקט אין „סעווערנאיא קאָמונא”, פון 19טען סעפּט., 1918, דריקט אויס פאָלשטענדיג דעם גייסט פון באָלשעוויס־טישען טעראָריזם:

„אום בייצוקומען אונזערע שונאים דארפען מיר האָבען אונזער אייגענעם סאָציאַליסטישען מיליטאַריזם. מיר דאַרפען איבערגעווינען אויף אונזער זייט 90 מיליאָן פון די 100 מיליאָן רוסישע באפעלקערונג אונטער די סאָוועטען. וואָס די איבריגע אנבאַטרעפט, האָבען מיר גאַר נישט צו זאָגען זיי; זיי דאַרפען אויסגעראָטעט ווערען”.

דאָס פּראָגראַם פון אויסראָטען די 10 מיליאָן געגנער פון באָלשעוויזם אין רוסלאַנד (הערר זינאָוויעוו האָט היבשליך ניט דערשעצט זייער צאָהל) האָבען די באָלשעוויקעס אָנגעהויבען צו פאַרווירקליכען גלייך פון די ערשטע מאָמענטען, ווי זיי זיינען אריין אין מאַכט. אנהויב מערץ, 1918, האָבען זיי דורכגעפיהרט מאַסען־הינריכטונגען אין ראָסטאָוו אויף דאָן, טויטענדיג צווישען אַנדערע, פיעל יונגוואַרג. די מאָסקווער „רוסקיא ווערדאָמאָסטי”, אין איהר נומער פון 23טען מערץ, 1918, באַריכטעט, אז דער פּרעזידענט פון ראָסטאָווער שטאָדט־ראַט און פּאַרזיצענדער פון דעם דאָנער קאָמיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ב. ק. וואַסיליעוו; דער גאָלאָווא פון שטאָדט פּ. פּעטרענקאָ; דער געוועזענער פּאַרזיצענדער פון ראָסטאָוו־נאַכיטשעוואַנער ראַט פון אַרבייטער און סאָלדאַטען דעפּוטאַטען פּ. מעלניקאָוו, און אפילו מ. סמירנאָוו, דער דאַמאָלסדיגער פאַרזיצענדער פון דעפּוטאַטען־ראַט, האָבען דערלאַנגט אַ פּעטיציע צום באָלשעוויסטישען מיליטעריש־רעוואָלוציאָנערען קאָמיטעט, בעטענדיג מען זאָל זיי בעסער דערשיסען — „אנשטאָט די אומשולדיגע קינדער, וועלכע ווערען הינגעריכטעט אָהן געזעץ און גערעכטיגקייט.”

אַ גרופּע פרויען, אויפגעשוידערט פון די בלוטיגע געשעהענישען, האָבען אויך געבעטען מען זאָל זיי בעסער דערשיסען איידער די קינדער. אין זייער פּעטיציע שרייבען זיי:

„אויב, לויט אייער מיינונג, זיינען נויטיג קרבנות פון בלוט און לעבען, אום איינצופיהרען אַ סאָציאַליסטישען שטאַאַט, אום צו שאַפען נייע לעבענספאָרמען, נעהמט אונזערע לעבענס, טויטעט אונז, דערוואַקסענע מוטערס און פאָטערס, אבער לאָזט לעבען אונזערע קינדער. זיי האָבען נאָך ניט פאַרזוכט פון לעבען, זיי האַלטען ערשט אין וואַקסען, אין ענטוויקלען זיך. דערשטעכט ניט יונגע לעבענס. נעהמט אונזערע לעבענס און אונזער בלוט אַלס אויסקויף.

„אונזערע קולות רופען צו אייך, ארבייטער. איהר האָט ניט פארפלעקט די פאָהן פון דער רעוואָלוציע אפילו מיט דעם בלוט פון פאררעטער, אזעלכע ווי שצעגלאוויטאוו און פראטאפאפאוו. ווי אזוי קענט איהר גלייכגילטיג צוקוקען, ווי מען שעכט־אוים אונזערע קינדער? הויבט אויף אייער שטימע אין פראָטעסט. קינדער פארשטעהען גאָר ניט אין פארטיי־קאמף. זייערע אָנגעהעריגקייט צו דער אדער יענער פארטיי קומט ביי זיי פון זייער יאָגעניש נאָך פרישע איינדריקע, נאָך נייקייטען אָדער אונטער דעם איינפלוס פון די עלטערע.

„מיר, מוטערס, האָבען געדיענט דעם לאנד, אוועקגעבענדיג אונזערע זיהן, מענער און ברידער. מיר בעטען אייך, נעהמט אונזער לעצטען פארמעגען, אונזערע לעבענס, אבער שאנעוועט די קינדער. פיהרט אונז איינע נאָך דער אנדערער צו היגריכטונג, ווען אונזערע קינדער דארפען דערשאָסען ווערען! יעדע איינע פון אונז וועט מיט פרייד שטארבען, אום צו ראטעווען דאָס לעבען פון איהרע קינדער אדער די קינדער פון אן אנדער מוטער.

„בירגער, מיטגליעדער פון מיליטעריש־רעוואלוציאנערען קאָמיטעט, פארנעהמט דעם געשריי פון די מוטערס. מיר קענען ניט שווייגען!"

מאָרד און היגריכטונגען זיינען ניט די איינציגע פארמען פון באָלשעוויסטישען טעראר. די געפענגניסען זיינען איבערפילט אין רוסלאנד אונטער דעם געבענשטען באָלשעוויסטישען רעזשים.

די „סעווערנאיא קאָמונא" האָט ניט לאנג צוריק פארעפענטליכט פאלגענדען רעפּארט, אין וועלכען די גרוילען פון די באָלשעוויסטישע געפענגניסע ווערען באשריבען פון די באָלשעוויקעס אליין. ווי די לעזער וועלען זעהן, איז דער רעפּארט אן אינטערעסאנטע זעלבסטבאשולדיגונג, וואס ערקלערט זיך אפשר דערמיט, וואס די אונטערזוכער זיינען דאָס מאָל געווען געוויסענהאפטע מענער — א זעלטענהייט ביי די באָלשעוויקעס.

„דאָס פּרעזידיום פון סאָוועט פון וויבארגער ראיאן (א פּעטראגראדער ביישטאָדט) האָט באשלאָסען צו שיקען א דעלעגאציע אין די געפענגניסע פון ראיאן, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט, אז דאָרט זיינען לעצטענס פארגעקומען שרעקליכע סצענען. די ארעסטאנטען ווערען בוכשטעבליך

אויסגעמאָרעט. פיעלע פון זיי, וואס זיצען שוין גאנצע 8 חדשים, זיינען נאָך ניט פראצעסירט געווארען, ווייל די קאָמיסיע, וואס איז אנפארטרויט מיט דער אונטערזוכונג פון די קלאגען געגען זיי, האָט נאָך ניט געהאַט קיין זיצונג."

די דעלעגאציע איז באַשטאַנען פון ד"ר. פעטראפאוולאווסקי, מיליטערישען קאָמיסאר וואסיליעווסקי און דעם פּרעזידענט פון סאָוועט פריליסטער. דער לעצטער האָט אריינגעבראכט פאלגענדען באריכט:

„קאמעראדען, וואס מיר האָבען געזעהן און געהערט, באזוכענדיג די געפענגניסע פון וויבארגער ראיאָן, קען ניט באַשריבען ווערען. די קלאנגען, וואס זיינען דערגאנגען צו אונז, זיינען ניט נאָר אמת, נאָר די ווירקליכע צושטענדע זיינען נאָך שרעקליכער. איך האָב מיך געשעהמט. מיין הארץ איז פארגליווערט געווארען.

„אונטער דעם אַלטען רעזשים בין איך געזעסען אין געפענגנים. דאמאלס האָבען מיר באקומען צוויי מאָל א חודש פרישע ליילעכער. איצט איז פון דעם קיין סימן ניטאָ. די קאמערען זיינען עקעלהאפט שמוציג, ניטאָ ניט קיין ליילעכער און ניט קיין קישענס. די ארעסטאנטען ווערען באַשטראפט פאר'ן מינדסטען חטא.

„אבער דאָס שרעקליכסטע איז — די סצענען, וואס איך האָב בייגעוואהנט אין די געפענגנים־שפּיטעלער.

„קאַמעראדען! מיר האָבען דארט קיין מענשען ניט געפונען. מיר האָבען געפונען לעבעדיגע מתים, וועלכע האָבען קיין כוח ניט צו ריידען, ווייל זיי שטארבען מיט א הונגער טויט.

„ווען אימיצער שטאַרבט, פארבלייבט זיין טויטער קערפּער פאר שטונדען לאנג מיט זיינע לעבעדיגע שכנים, וועלכע זאָגען: דאָס איז גאר נישט, מיר ווע לען אלע באלד אויסשטארבען פאר הונגער.

„קאמעראדען! עס זיינען פאראן צווישען זיי נאָך גאָר יונגע מענשען, וואס ווילען לעבען. אזעלכע זאכען טאָרען ניט פּאסירען. דאָס איז א שאנדפלעק אויף דער פאָלקס־רעגיערונג. מיר קענען ניט באַהאַלטען דעם סקאנדאל.

„די ארעסטירטע ספעקולאַנטארס ווערען געהאלטען בעסער, ווייל זיי איז ערלויבט צו באקומען שפייז פון דרויסען, די אנדערע קריגען בלויז ווארימע וואסער, וואס דאָס

געהט פאר זופ, און קריגען קיינמאָל ניט — ניט קיין פלייש און ניט קיין ברויט.

„אין איינעם פון די געפענגניסע האָבען מיר געפונען פראפעסאר גראמאוו. ער ערקלערט, אז ער ווייס ניט, וואָרום מען האָט איהם ארייגעזעצט, און פרעגט, וואָרום שטעלט מען איהם ניט צום פראצעס. איז עס דערפאר, ווייל די ארבייטער האָבען מורא דאָס צו טאָן? עס איז נויטיג אזוי גיך ווי מעגליך צו אונטערזוכען דעם אוממענשליכען רעזשים, אונטער וועלכען די ארעסטאַנטען לעבען.

„מיר טאָרען לענגער ניט דולדען אזעלכע צושטענדע!"

---

# 7. — דאָס רוסישע דאָרף אונטער'ן סאָוועטען־רעזשים.

לענין'ס לאזונג: עקספראָפריאיר די עקספראָפריאַטאָרס, איז אין די דערפער פארשטאנען געוואָרען בוכשטעבליך — אַלס ערלויבניש און גוטע געלעגענהייט צו ראבעווען. דער רעזולטאט פון דער באָלשעוויסטישער אגראַרישער פּאָליטיק ווערט אויף אזא אופן באשריבען אין דעם באָלשעוויסטישען אָרגאן „פּראוודא" פון דעצ. 26, 1917:

„ביז איצט האָט נאָך קיינער ניט באגריפען ביז וואָס פאר א גראד די מלחמה האָט געווירקט אויף די עקאָנאָמישע צושטענדע אין דאָרף. די שטייגונג פון פּרייז אויף ברויט איז נאָר געוועזען א געווינס פאר די יעניגע וואָס פארקויפען עס. די אָפּשאפונג פון די גרויסע גיטער פון די לאנד־באזיצער האָט נאָר באריכערט די יעניגע, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין צייט צו דעם פּלינדערונגס־פּלאַץ אום אוועקצופיהרען דאָס אָנגערויבטע אויף וואָגענס, געשפּאנט אין כּינף פערד. דורך דער פארטיילונג פון די גוטס־באזיצערס בהמות און פון דער אנדערער באַלעבאַטישקייט, האָבען נאָר געוואונען די יעניגע, וועלכע האָבען געהאט די אויפזיכט איבער דער פארטיילונג, און די אויפזיכט איבער דער פארטיילונג האָבען געהאט די קאָמיטעטען, וועלכע, ווי אַלע באקלאָגען זיך, זיינען באשטאנען מעהרסטענס פון די רייכע בּויערים".

דיסקוטירענדיג די זעלבע פראגע, שרייבט מאַקסים

גאָרקי פאָלגענדעס אין יוני 1918, אין זיין ציימונג „נאָוואיא זשיזן״:

„אַלע די, וועלכע האָבען שטודירט דאָס רוסישע דאָרף פון היינט, פאַרשטעהען גאַנץ גוט, אַז אַ פּראָצעס פון דעמאָראַליזאַציע און אונטערגאַנג געהט אָן אין דאָרף מיט אַן איבעררַאשענדער שנעלקייט. די פּויערים האָבען אַוועקגענומען דאָס לאַנד פון די אייגענטימער, צעטיילט עס צווישען זיך און האָבען פאַרניכטעט די אַגריקולטורעלע מאַשינען, און זיי זיינען גרייט אריינצעוואַרפען זיך אין אַ בלוטיגען קריעג צווישען זיך איבער דאָס אַנגערויבטע גוטס. אין געוויסע געגענדען האָט די באַפעלקערונג אויפגעגעסען דעם גאַנצען תבואה־זאַפּאַס צוזאַמען מיט דער זריעה. אין אַנדערע געגענדען באַהאַלטען די פּויערים זייער תבואה אונטער דער ערד, אויס מורא זיי זאָלען זיך ניט דאַרפען טיילען מיט זייערע פאַר הונגער שטאַרבענדע שכנים. די לאַגע קען צו קיין אַנדער זאַך ניט ברייננגען ווי צו תוהו ובוהו, חורבן און מאָרד״.

די „וואָלאַסט נאַראָדאַ״, וועלכע איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, שרייבט צו דער זעלבער צייט:

„דאָס דאָרף האָט אַוועקגענומען דאָס לאַנד פון די גוטסבאַזיצער, פאַרמערס, רייכע פּויערים און קלויסטערס. עס קען דאָרום ניט צעטיילען זיך פרידליך, ווי מען האָט ערוואַרטעט.

וואָס מעהר לאַנד, אַלץ גרעסער איז דער אַפּעטיט און די זשעדנעקייט נאָך לאַנד; אַלץ מעהר שטרייט, מיספאַרשטענדעניסען און געשלעגען.

אין אָבאָיאַנסקער אויעזד האָבען פּיעלע דערפער זיך ענטזאַגט צוצושטעלען סאָלדאַטען, ווען די סאָוועטען האָבען מאָביליזירט אַן אַרמעע. זייער ענטזאַגען זיך האָבען זיי מאָטיווירט אַזוי:

„אין פריהלינג וועט מען דאַרפען די סאָלדאַטען אין דער היים אין די דערפער״ — ניט צו בעאַרבייטען דאָס לאַנד, נאָר צו באַשיצען דאָס לאַנד מיט וואַפען פון די שכנים־פּויערים.

אין דער קאַלוגער, קורסקער און וואָראָנעזשער גובערניעס האָבען די פּויערים אויף זייערע פאַרזאַמלונגען אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציעס:

„אַלע דערוואַקסענע מיטגליעדער פון די פּויערים־געמיינדעס דאַרפען זיין אין דער היים צו פריהלינג. ווער עס וועט זיך ניט אומקעהרען אין דאָרף אָדער וועט פריוויליג אויסען־בלייבען פון דער היים, וועט אויף אַלע מאָל ארויס־געשטויסען ווערען פון דער געמיינדע.

די פאַראָרדנונג ווערט געמאַכט, מיט דעם צוועק צו האָבען אַזאַ גרויסע מאַכט, ווי מעגליך, אין פריהלינג, ווען עס וועט קומען צו דער פארטיילונג פון לאַנד".

די פּויערים מאַכען האַסטיגע פאָרבאַרייטונגען צו באוואפענען זיך, און זיי האָבען טיילווייז זיך שוין באוואַ־פענט. די דערפער האָבען אַ צאָהל ביקסען, קוילען, האַנד־גראַנאַטען און באָמבעס.

מאַנכע דערפער פון ניעזשינער אויעזד, מאָהילעווער גובערניע, האָבען זיך באַזאָרגט מיט מאַשין־ביקסען. דאָס דאָרף מאַלי־ניעזשין, צום ביישפּיעל, האָט באַשלאָסען אויס־צושרייבען 15 מאַשין־ביקסען און האָבען אָרגאַניזירט אַ רויטע ארמעע, אום צו זיין אין שטאַנד בעסער צו פארטיידי־גען דאָס שטיק לאַנד, וואָס זיי האָבען אַוועקגענומען ביי די גוטס־באַזיצער, און אום ניט צו דערלאָזען, ווי זיי זאָגען, „די שכנישע פּויערים צו קומען קאָסען היי אונטער די סאַמע פענ־סטער זייערע, ווי פאַר יאָהרען". ווען די שכנישע פּויערים האָבען זיך דערוואוסט פון דעם באשלוס, האָבען זיי זיך אויך באַזאָרגט מיט מאַשין־ביקסען און האָבען אויך אָרגאַניזירט אַן ארמעע, און סטראַשען דוקא צו קומען קאָסען היי אונטער די סאַמע פענסטער פון געגנערישען צד, וועמעס אייגענ־טומס רעכט אויף די לאָנקעס זיי באַשטרייטען.

אין שיגראַווסקער, אָבאָיאַנסקער און רוילסקער אויעז־דען, קורסקער גובערניע, האָט כמעט יעדער דאָרף, גרויס צו קליין, אָרגאַניזירט אַ רויטע גוואַרדיע און מען גרייט זיך צו דער קומענדער מלחמה אין פריהלינג. אין דער געגענד האָ־בען די פּויערים ארייגגעכאַפּט אַ געוואַלדיגען רייכטום. זיי האָבען צוגענומען און צוראַבירט 160 גיטער, 14 ברוויזען און 26 צוקער־פאַבריקען. מאַנכע דערפער האָבען שוין אפילו אָנגעמערקט די פּלעצער, וואו אַוועקצושטעלען די מאַשין־ביקסען אין פריהלינג. אין וואָלסקער אויעזד, סאַראַטאָווער גובערניע, ערוואַרטען 5 גרויסע דערפער — קליוטשי, פּלעט־נעווקא, ריבני, שאַכאַן און טשערנאַווקא — אַ מלחמה, ווען מען וועט דאַרפען צעטיילען 148,500 אָקער לאַנד פון גראַף

אָרלאָוו־דעניסאָוו׳ס גוט. שארפע קריגעריייען איבער די לאַנ־
קעס און וועלדער געהען שוין אָן. אַפט געהען די קריגע־
רייען אריבער אין געשלעגען און מערדערייען. עהנליכע
פּאסירונגען קומען פאָר אין אנדערע אויעזדען פון דער
גובערניע; צום ביישפּיעל, אין פעטראָווסקער, באלאשאָוווער
און אטקארער.

אין סימבירסקער גובערניע געהט אָן א מלחמה צווישען
די דאָרפישע געמיינדעס און די „קולאקעס" — די רייכערע
פויערים־קרעמער. די אָרימערע פויערים האָבען באשלאָסען
צו מאכען א סוף צו „סטאָליפּין׳ס יורשים", ווי זיי רופען די
קולאקעס. די לעצטע אָבער האָבען זיך אָרגאניזירט און
גריימען זיך צו עקשנות׳דיגען ווידערשטאנד. געשלעגען
זיינען שוין פאָרגעקומען. די פויערים פארניכטען די ניי־
אויפגעקומענע פארמעס און די פארמער צינדען די דערפער,
דערפלעך, שייערן, שפּייכלער, א. ז. וו.

מיר האָבען באקומען — שרייבט די זעלבע צייטונג —
פון דאָרף פאנינא, טולער גובערניע, פאָלגענדען בריעף:

„די פארטיילונג פון לאנד פיהרט צו מלחמה. איין
דאָרף קעמפט געגען אנדערען, די רייכערע און שטארקערע
פויערים האָבען באשלאָסען ניט צו געבען די אָרימערע
פויערים קיין חלק אין דעם לאנד, וואָס מען האָט אוועקגענו־
מען ביי די גוטס־באזיצער. די אָרימערע פויערים פון זייער
זייט זאָגען: „מיר ווילען אוועקנעהמען פון אייך, פויערים־
בורזשויען, ניט נאָר דאָס לאנד פון די גוטס־באזיצער, נאָר
אייער אייגען לאנד אויך, מיר, די האָרעפּאשניקעס, זיינען
איצט די רעגיערונג." און דאָס פיהרט צו שטענדיגע קרי־
געריייען און הריגות. די באפעלקערונג ווידער פון די
שכנ׳ישע דערפער באשטעהט פון די אזוי גערופענע געביר־
טיגע און פון פויערים „פרעמדע", וואָס זיינען פון די גוטס־
באזיצער געבראכט געוואָרען פון ארלאווער גובערניע..
זאָגען די געבירטיגע צו די ארלאָווער: „פארלאָזט אונזער
לאנד און געהט זיך אייך אין אייער ארלאָווער גובערניע,
אַניט ווילען מיר סיי ווי אייך פארטרייבען פון דאנען.
אָבער די ארלאווער זיינען גאָר ניט אראָפּגעפאַלען ביי זיך
און פּטראשען אויסצו׳הרג׳ענען אַלע געבירטיגע. און טעג־
ליך קומען פאָר צוזאמענשטויסען".

אין א צווייטען דאָרף האָבען די פויערים ביי 5400
אַקער לאנד, וואָס זיי האָבען געקויפט. צוליעב דער אָדער

יענער אורזאכע האָבען זיי לעצטען יאָהר דאָס לאנד ניט באארבייט, האָבען די פויערים פון שכנ'ישען דאָרף באשלאָסען עס אוועקצונעהמען פון זיי אלס „איבערפליסיגען אייגענטום", וואָס דאָס איז געגען די ארבייטער שטאטוטען. די אייגענטימער אָבער ערקלערען:

„צוערשט הרג'עט אונז און דאַן וועט איהר קענען צונעמען אונזער לאנד".

אין מאנכע פלעצער זיינען שוין פאָרגעקומען אמת'ע שלאכטען איבער לאנד.

אין טאמבאווער גובערניע האָבען זיך ביים דאָרף אישיישיו צוזאמענגעטראָפען צוויי מחנות פויערים פון די דערפער שלייעווקא און בריאנטשעווקא. עס האָט געהאלטען ביי א געפעהרליכער הריגה. צום גליק האָט זיך געפונען צווישען די פויערים פון בריאנטשעווקא א קלוגער קאָפּ, א דאָרפישער שלמה המלך, וועלכער האָט געגעבען אַן עצה זיינע דאָרפסלייט מכבד צו זיין די פויערים פון שלייעווקא מיט פינף עמער בראנפען. און ווירקליך: יענע האָבען אָנגענומען דעם פדיון און זיינען זיך אוועקגעגאנגען, איבערלאָזענדיג דאָס לאנד פאר די אייגענטימער."

— — — — — — — — — — — — — — — —

„דיעלא נאראדא", א צייטונג, וואָס איז אויך ארויסגעגעבען געוואָרען פון די סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען, האָט אין אפּריל 1918, געדרוקט א קאָרעספּאָנדענץ, וואָס באשרייבט דאָס לעבען פון די פויערים אין סעבעזשער אויעזד, וויטעבסקער גובערניע.

„דער צושטאנד פון דעם אויעזד איז טראגיש־שוידערליך. עס איז אַן אגולנע הונגער־גסיסה. דער ברויט, וואָס די באָלשעוויקעס האָבען צוגעזאָגט, איז ביז'ן היינטיגען טאָג נאָך ניט אָנגעקומען. די פויערים ערווארטען דעם פריהלינג מיט גרויל, ווייל זיי האָבען אויפגעגעסען זייער גאנצע זריעה. איבעראל, וואו מען קומט זיך נאָר צונויף, הערט איהר ריידען: „ברידער, וואָס וועלען מיר זעען און פלאנצען דעם פריהלינג? די וואלד־אינדוסטריע איז אין דעם אויעזד כמעט אין גאנצען פארניכטעט געוואָרען, ווען אפילו ניט אבזיכטליך, ספּעציעל האָבען געליטען די וועלדער מיט ברען־האָלץ".

און דורך'ן זומער איז דער דאָזיגער לעצטער פאָלקס־אוצר אין געפאהר אין גאנצען צו פארשווינדען, צוליעב די וואלד־פייערן, וועלכע קענען אויסברעכען פריהער, איידער די

אַנגעזעגטע און צונויפגעלעגטע קופּעס האָלץ ווערן אוועקגעפיהרט ווערען. צוליעב דעם הונגער פון איין זייט און דער געזעצלאָזיגקייט און מאַנגעל אין רעגיערונג פון דער אַנדערער, האָט זיך שרעקליך פאַרמעהרט אין אויעזד די צאָהל גניבות, גזלות און רציחות, און דער רעזולטאַט איז, אַז דאָס פאָלק האָט גענומען דאָס געזעץ אין זיינע הענד און האָט איינגעפיהרט אייגענע „געזעץ־טריבונאַלען". דריי פאַמיליעס, יעדע פון 12 נפשות, זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען. אין שטאָדט וויטעבסק איז אַ קבצנישע פאַמיליע, וועלכע האָט אַמאָל באַלאַנגט צום מיטעל־קלאַס — 3 נפשות אין צאָהל — ערמאָרדעט געוואָרען מיט רויבערישע צוועקען. צוויי אייזענבאהן־אַנגעשטעלטע זיינען ערמאָרדעט געווארען.

גנבים, וועלכע ווערען געכאַפּט, ווערען גע'משפט פון „אַ רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל", נאכדעם ווי מען צווינגט זיי דורך פּייניגונגען, זיי זאָלען זיך מודה זיין. די מיטלען, וואָס ווערען געברויכט דערביי, זיינען: אַרויסרייסען די אָרעמס פון געלענק, דורכלעכערען די אויגען, ברענען מיט גליהענדען אייזען, ברעכען די פיס און די ריפּען. מיט איינינגע טעג פאר'ן פּראצעס, ווערען ארויסגעשיקט „פּאוויעסטקעס"־איינלאדונגען ניט נאָר צו דער דאָרפישער באפעלקערונג פון דעם אויעזד וואו דער פארברעכער ווערט פּראָצעסירט, נאָר אויך פון די דערבייאיגע „אויעזדען". אין די „פּאָוויעסטקעס" ווערט געשריבען, אַז אַלע פּערזאָנען אין עלטער פון 16 יאָהר ביז 80, זיינען פארפליכטעט בייצוּוואהנען דעם פּראָצעס.

און די געהאָרכזאַמע פּראָסטע מאַסע לויפט צו דעם באַרבאַרישען ספּעקטאַקעל, ווי מען לויפט אין טעאַטער, אָדער צירק אויף אומזיסטע בילעטען.

אָט די עפענטליכע פּראָצעסען האָבען פאַקטיש נאָר איין צוועק: צו דערשלאָגען די פארברעכער ביז טויט, אָדער דערשיסען האַלב־טויטע. אין טשערנער אויעזד זיינען זיבען פּערזאָן אויף אַזאַ אופן דערשאָסען אָדער דער'הרג'עט געוואָרען. אַ העלפט פון די אומגליקליכע, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט, זיינען געווען א ו מ ש ו ל ד י ג.

די ברוטאַליטעטען זיינען געוואָרען אַלץ גרויזאַמער וואָס נעהנטער די דייטשען זיינען צוגעקומען. רויטע גוואַרדיע אַגענטען פון די עקזעקוטיוו־קאָמיטעטען פון די ארבייטער און פּויערים־סאָוועטען האָבען געהאַלטען אין איין נישטערען

און ראבירען, און מערדערן און טויטען אַלעמען, ווען זיי האָבען נאָר געוואָלט, אָדער אויף וועלכע זיי האָבען געקראָגען אַ מסירה. ביז'ן היינטיגען טאָג לויפען ארום פארשידענע באנדעס, וואָס טראָגען דעם נאָמען „פּוילישע לעגיאָנערען", אָדער גוואַרדיע פון „סאָציאַלער רעוואָלוציע" און טוען דיזעלבע ארבייט, אונטער דער אויפזיכט פון דעם אָדער יענעם קאָמיטעט. ארבייטער פון אינטעליגענטען קלאַס, אָדער סטודענטען, האָבען באזונדערס אויסצושטעהן פון אַלערליי אומגעזעצליכקייטען. מאנכע פאָלקס־לעהרער זיינען שיער ניט דערשאָסען געוואָרען, ווייל זיי האָבען זיך ענטזאגט צו צוטראָגען די איינלאדונגען צו די הפקר־טריבונאַלען. די לאַגע פון דער קירכע און פון די גייסטליכע איז שוידערליך. אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו קירכע, ווערט באַשפּיגען און פּראָפאַנירט. חברה, מיט ביקסען אויף די פּלייצעס, רייסען זיך אריין אין די קירכען, און דאָרט אויפ'ן פּלאַץ שטעלען זיי צום פאַרהער די גלחים, די קירכען־דיענער, אַרעסטירען זיי און באַליידיגען מיט חוזק און שפּאָט די רעליגיעזע געפיהלען פון דעם פרומען עולם, וועלכער איז זיך צונויפגעקומען אויסזויינען דאָס הארץ פאר זיין גאָט. פיעלע קירכען האָבען זיך געשלאָסען צוליעב דעם דעקרעט, וואָס טיילט אָפּ די קירכע פון שטאאט. אַלע גיטער אין „אַגיעזד" האָט מען טיילווייז פארקויפט פון „אוקציאָן" צו די פּויערים, און טיילווייז חרוב געמאכט : צום ביישפּיעל, אָקסען זיינען פארקויפט געוואָרען פאר אַ פּרייז פון 400 ביז 900 רובעל ; וועגענער, שפּאַן־געצייג, קארעטען, עקיפּאַזשען און שליטענס פון אַלערליי סאָרטען זיינען אויך אויספארקויפט געוואָרען פון אוקציאָן צו די „אָרימע". אויף איין פארם איז אַ צוכט־אָקס פארקויפט געוואָרען צום אָרטיגען קצב, וועלכער איז געוועזען אין שותפות מיט אַ מיטגליעד פון לאַנד־קאָמיטעט, דעם געוועזענעם פּארוואַלטער פון גוט, אַליין אַ רייכער פּויער, וועלכער האָט געהאַט אייגענע פיער פערד און צעהן קיה, וואָס מען האָט ניט געקענט פארקויפען פון אוקציאָן, האָבען די אוקציאָנערען, נאָך אַן אַלגעמיינעם געשלעג, אַוועקגע־פיהרט צו זיך אַהיים. אומזיסט האָט די „בורזשואַזיע", וועלכע איז באַשטאַנען פון אלמנות, אינוואַלידען, קאַליקעס־פּאַלדאטען פון פראָנט, און אנדערע „דאָרף־קאַפּיטאַליסטען", געשטרעקט זייערע הענד מיט דעם ביסעל געלד וואָס זיי האָבען געהאַט, און געוויינט און געבעטען און געקלאַגיעט זיך ביי די מיטגליעדער פון קאָמיטעט, מען זאָל זיי ערלוי־

בען צו קויפען עפּעס זייף די רעדוצירטע פּרייזען אויף אויסצאָהלען. זייער געוויין איז ניט דערהערט געוואָרען.

דער מאָנארכיסטישער לאָקאלער סאָוועט איז מאַכטלאָז אין קאמף מיט דער אנארכיע. זיינע פאראָרדנונגען האָבען ניכער געהאָלפען דער אנארכיע זיך פארשפּרייטען. דאָ איז דער סך הכל פון זיינע אויפטואונגען פאר די דריי מאָנאטען פון זיין מאָנארכיסטישער עקזיסטענץ: ער האָט פאר־כאַפּט דעם זאַפּאַס אַלקאָהאָל פון דער אַפּטייק ביי דעם ראָר־פּישען אויעזדנעם שפּיטאָל; ער האָט פארטיילט 90 טויזענד רובעל פון דער לאָקאלער קאסע צווישען די 56 מיטגלידער פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט, ער האָט ארעסטירט און צעטריבען אַלע סאָציאַליסטישע און דעמאָקראטישע אינסטיטוציעס און פּאָליטישע אָרגאניזאציאָנען, ווי די פּארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און דעם „בונד" און האָט ערקלעהרט די שטאָדט וויטעבסק און וויטעבסקער אויעזד אין קריעגס־צושטאנד."

אָט אזוי האָבען עס די באָלשעוויקעס „איינגעפיהרט דעם סאָציאַליזם" צווישען די רוסישע פּויערים!...

אלס רעזולטאט פון די צושטענדע האָט אין פריהלינג פון 1918 אויסגעבראָכען א שטארקע אנטי־ באָלשעוויסטישע באוועגונג אין פיעלע שטעדט און דערפער. דאָ גיבען מיר בלויז א קליינעם צעטעל פון די אויפשטאנדען. מיר נעמען איהם ארויס פון „וולאסט נאראָדא", וועלכע אין א נומער פון מאי, 1918, באשרייבט זיי אזוי:

„אין ביעלא זיינען אַלע מיטגלידער פון די סאָוועטס ערמאָרדעט געוואָרען.

„אין פּאָלינגאליטש, זיינען צוויי פון די פּראָמינענטעסטע מיטגליעדער פון די סאָוועטען בוכשטעבליך צוריסען געוואָ־רען אויף שטיקער. צוויי אנדערע זיינען געשלאָגען געוואָרען ביז האלב־טויט.

„אין אטקארסק זיינען מעהרערע מיטגליעדער פון די סאָוועטען ערמאָרדעט געוואָרען. אין א צוזאמענשטויס מיט דער רויטער גווארדיע און דער מאסע זיינען פיעל געטויטעט און פארוואונדעט געוואָרען. די רויטע גווארדיע איז אנט־לאָפען.

„אין קלין האָט א המון זיך אריינגעריסען אין דער גע־ביידע פון די סאָוועטען מיט דער כונה צו ברייננגען אַלע דע־פּוטאַטען צו זיין אייגענעם געריכט. די לעצטע זיינען אנט־

לאָפּען. דער פינאַנס קאָמיסאַר איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד אום צו ראַטעווען זיך פון צעווילדעטען המון.

„אין אָרעכאָוואָ־זויעוואָ אַרבייטען די דעפּוטאַטען אין זייערע ביוראָס אונטער דעם שוץ פון זעהר אַ שטאַרקער מי־ליטערישער וואַך, אפילו אין גאַס ווייזען זיי זיך ניט אָהן דער באַגלייטונג פון אַ וואַך, וועלכע איז באַוואַפּענט מיט ביקסען און באַיאָנעטען.

„אין פּענזאַ איז געמאַכט געוואָרען אַ פאַרזוך אויף די לעבענס פון די סאָוועט־מיטגליעדער. איינער פון די פּרעזי־דענטען איז פאַרוואונדעט געוואָרען. די סאָוועט געביידע איז איצט אַרומגערינגעלט געוואָרען מיט קאַנאָנען און מאַ־שין־ביקסען.

„אין סווישערקא, וואו די באָלשעוויקעס האָבען געהאַט פאַראָרדענט אַ באַרטאָלאָמעאוס־נאַכט, אַז אַגולנע שחיטה, ווערען די דעפּוטאַטען געיאָגט ווי ווילדע חיות.

אין קאַליאַבינסקער אויעזד האָבען די פּויערים ענטשי־דען זיך ענטזאַגט אויסצופיהרען דעם באַפעהל פון די סאָ־וועטען צו אָרגאַניזירען אַ געצוואונגענע אַרמיי. איינינגע פון די רעקרוטירענדע אָפיצירען און אַגיטאַטאָרס זיינען גע־טויטעט געוואָרען.

עהנליכע אַקטען קומען פאָר כסדר און אין גרויסע צאָה־לען. די באַוועגונג געגען די סאָוועטען פאַרשפּרייט זיך ברייט און ווייט און פאַרכאַפּט אַלץ גרעסערע קרייזען“.

---

## 8. — די עקאָנאָמישע רעזולטאַטען פון באָלשעוויזם.

אויף דעם געביעט, אויף וועלכען די באָלשעוויקעס האָ־בען זיך גערארפט באַזונדערס אויסצייכנען — אויפ'ן עקאָנאָ־מישען געביעט — זיינען די באָלשעוויקעס אַם מיאוס'טען דורכגעפאַלען. יאָ, דאָ האָבען זיי דאָך גערארפט ווייזען וואונדער; האָבען זיי דאָך געמאַכט זייער איבערקעהרעניש, אום וואָס גיכער דורכצופיהרען די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד און די נאַציאָנאַליזאַציע פון די אינדוסטריען, וועלכע האָבען גערארפט גליקליך מאַכען די רוסישע האָרעפּאַש־ניקעס; אָבער די עקאָנאָמישע רעזולטאַטען פון באָלשעוויזם זיינען טרויעריגער פון טרויעריג.

שטעלט מען דעם באָלשעוויזם אויף אַן עקאָנאָמישען עקזאַמען, וועט ער איהם ערגער אויסהאַלטען, ווי דער צאַרישער קאַפּיטאַליזם.

מיר וועלען רופען פּאָר עדות די באָלשעוויקעס גופא; מיר וועלען ברענגען באריכטען פון דער באָלשעוויסטישער פּרעסע.

די באריכטען זיינען צונויפגעזאַמעלט געוואָרען און צוגעשטעלט געוואָרען צום אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין בערן פון דער רוסישער דעלעגאַציע; איינער פון די רוסישע דעלעגאַטען — דער סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער דמיטרי גאַווראַנסקי האָט אויפ׳ן גרונד פון די באריכטען אין דער באָלשעוויסטישער פּרעסע און אויפ׳ן גרונד פון אָפיציעלע באָלשעוויסטישע דאָקומענטען אָנגעשריבען אַ בוך: „דער סך הכל פון רוסישען באָלשעוויזם", און דער סך הכל איז עקאָנאָמישער צוזאַמענברוך.

מיר וועלען זיך באַנוצען מיט די קוועלען — דעם רעפּאָרט פון דער רוסישער דעלעגאַציע צום בערנער סאָציאַליסטישען קאָנגרעס, וועלכער איז טיילוויִיז געוועזען אָפּגעדרוקט אין דער ענגלישער פּרעסע; מיט דמיטרי גאַווראַנסקי׳ס בוך, וואָס אויסצוגען פון איהם געפינען מיר אין בערלינער „פאָרווערטס"; און אויך מיט אַן אינטערוויו, וואָס דער באַוואוסטער רוסישער עקאָנאָמיסט סאָקאָלאָוו האָט געגעבען אין לאָנדאָן צו הערמאַן בערנשטיין, דעם באַקאַנטען ענגליש־אידישען קאָרעספּאָנדענט. סאָקאָלאָוו איז 12 יאָהר געוועזען מיטגליעד פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און איז אַן אינטימער פריינד פון לענין און טראָצקי; ער איז געוועזען אַ מיטאַרבייטער פון דער באָלשעוויסטישער פּרעסע אונטער דעם פּסעוודאָנים ס ט אַ נ י ס ל אַ ו ו  ו ו אָ ל־ ס ק י און אויך מיט־רעדאַקטאָר פון גאָרקי׳ס צייטונג „נאָוואַיאַ זשיזן", און נישקשה, מיר מעגען זיך פאַרלאָזען אויף איהם, ער איז אַ גוטער עדות. בפרט, ווען ער רעדט ניט אין זיין אייגענעם נאָמען, ער ציטירט נאָר באָלשעוויסטישע דאָקומענטען.

פון די אַלע קוועלען קריגען מיר אַ גענויען באַגריף וועגען רוסלאַנד׳ס עקאָנאָמישער לאַגע אונטער דעם באָלשעוויסטישען רעזשים.

גאַווראָנסקי שרייבט:

„ווען מען זאָל נעהמען די באָלשעוויסטישע דעקרעטען, טויזענדער אַלערליי דעקרעטען, קען מען פיעלייכט מיינען,

אז אין רוסלאנד שאפט זיך ווירקליך א סאָציאַליסטישער שטאַאט. ניט אומזיסט זיינען די באָלשעוויסטישע פיהרער אלעמאָל געווען פרוכטבארע און טאלענטפולע זשורנאליסטען. אין דער אמת'ען קומט דאָרט פאָר אַ גאַנץ אַנדער זאַך, נעמליך: אַ פּאָלשטענדיגע צופאלונג פון דער פאָלקסווירטשאפט — אַ גאַנץ באשטימטע, טיפּישע רעגענעראציע פון „סאָציאַליזם" אין קליין־בירגערליכער ווירטשאפט.

ווען די באָלשעוויקעס האָבען זיך גענומען אָרגאַניזירען די אינדוסטריען אויף „נייע יסודות", האָבען זיי אָנגעווענדט זייער געוועהנליכען מיטעל — „די שעפּפערישע קראפט פון די ברייטסטע פאָלקס־מאסען". עס איז איינגעפיהרט געוואָרען ארבייטער־קאָנטראָל, ד. ה. די פאבריקען — יעדע באזונדער — זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער דער השגחה פון פאבריק־קאָמיטעטען, וועלכע זיינען צונויפגעשטעלט געוואָרען פון די ארבייטער פון די פאבריקען. עס איז אוועק אַ יאָהר, און די פאָרשטעהער פון באָלשעוויסטישען שטאאטס־קאָנטראָל מוזען אליין מודה זיין, אז דער ארבייטער־קאָנטראָל איז רעגענערירט געוואָרען. די „פאבריק־קאָמיטעטען" האָבען זיך פארוואנדעלט אין די אייגענטימער פון די אונטערנעהמונגען. דער איין־איינציגער אייגענטימער — דער פאבריקאנט — איז פארביטען געוואָרען מיט אַ גרופּע אייגענטימער. אז די פּראָדוקציאָן „בליהט" ניט אין די אינטערעסען פון שטאאט, נאָר גיכער צו זיין שאדען, ד. ה. צום שאדען פון די ברייטע מאסען פון דער באפעלקערונג, איז צו זעהן כאָטש פון פאָלגענדען: לויט דעם אָפיציעלען באָלשעוויסטישען „זשורנאל פון האנדעל און אינדוסטריע", האָבען די שכירות פון די ארבייטער אין דער מעטאל־אינדוסטריע שוין אין זומער פון 1918 אויסגעמאכט 105 פּראָצענט פון דעם ווערט פון דער פּראָדוקציאָן. דאָס הייסט די שכירות פון די ארבייטער האָט באטראָפען מעהר, וויפיעל זיי האָבען אויסגעארבייט. פאר אַ גאנצער גרופּע פאבריקען איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אז די סחורות, וואָס זיי האָבען ארויסגעלאָזט, מאכען קוים אויס 70 פּראָצענט פון דעם ווערטה פון קאפּיטאל, וואָס איז אין זיי אריינגעלעגט. פון אַ רעפּאָרט פון זינאָוויעוו'ן אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון פעטראָגראדער סאָוועט דערוויסען מיר זיך, אז די באריהמטע פּעטראָגראדער פּוטילאָווער פאבריקען האָבען באקומען אויף אַ באשטימטען טערמין 96 מיליאָן רובעל קאזיאָנע שטיצע: 66 מיליאָן פון דער סומע

איז אוועק אויף שכירות, בעת דער אַלגעמיינער ווערטה פון דער פּראָדוקציאָן האָט ניט דערגרייכט אפילו 15 מיליאָן.

אָט דאָ ליגט דער הונד באַגראָבען: די גאַנצע אינדוסטריע פון דער סאָוועטען־רעפּובליק, אויף וויפיעל זי עקזיסטירט נאָך, האַלט זיך בלויז מיט דער הילף פון קאַזיאָנער שטיצע — און דער אַלגעמיינער ווערטה פון דער גאַנצער פּראָדוקציאָן דערגרייכט אפילו ניט אַ העלפט פון דער שטיצע.

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז באַנקראָט אומפאַרמיידליך; ריכטיגער, דער באַנקראָט איז שוין לאַנג געקומען.

נעהמט כאָטש דעם האַלב־יעהרליכען בודזשעט פון פינאַנץ קאָמיסאַר גוקאָווסקי: ער האָט אָנגערעכענט הוצאות פאַר די לעצטע 6 חדשים פון 1918 אויף 80 מיליאַרד רובעל — אַן אונערהערטע סומע! — בעת הכנסות פעהלען אַבסאָלוט. אמת, איין קוואַל פון הכנסה איז דאָ — די דרוק־מאַשין, וועלכע דרוקט 200 מיליאָן רובעל טעגליך. איז דען אַ וואונדער, וואָס דער רוסישער רובעל האָט פאַרלאָרען אפילו אויפ'ן רוסישען אינערליכען מארק 95 פּראָצענט פון זיין ווערטה און אויף די אויסלענדישע מערק נעהמט מען איהם אין גאַנצען ניט אָן."

דאָ זיינען נאָך ציפערען וועגען דער באָלשעוויסטישער פּראָדוקציאָן און פּראָדוקטיוויטעט, וועלכע מיר נעהמען ארויס פון „לאָנדאָן עקאָנאָמיסט" פון 4טען יאנואר, 1919:

„די „סעווערנאַיאַ קאָמונאַ" שרייבט, אַז די פּראָדוקציע אין דער כאַרקאָווער אייזען־ און שטאָל־אינדוסטריע איז 45 פּראָצענט קלענער ווי אין 1916. די זעלבע לאַגע הערשט אויך אין דער גאַנצער רוסישער קויהלען־אינדוסטריע.

די אָפיציעלע „פּראַוודאַ" שרייבט וועגען 7 נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקען, וועלכע האָבען פּראָדוצירט אויף אַ קאָסט פון 3,890,000 רובעל און האָבען פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטען פאַר 2,950,000 רובעל. אָבער דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסען, אַז פאַר דער צייט צווישען קויפען דעם רויה־מאַטעריאַל און פאַרקויפען די סחורות, איז דער רובעל געפאַלען אויף אַ העלפט, און דאָס מיינט, אַז די רעגיערונג האָט אין דער ווירקליכקייט באַקומען בלויז אָנדערהאַלבען מיליאָן רובעל פאַר סחורות, וואָס האָבען איהר אַליין געקאָסט ביי 4 מיליאָן.

דאָס איז דער שאַדען בלויז אין 7 נאַציאָנאַליזירטע פאַבריקען. היינט שטעלט אייך פאָר דעם שאַדען פון די

513 אינדוסטריעלע, קאָמערציעלע און טראַנספּאָרט־אונטער־נעהמונגען, וועלכע זיינען נאַציאָנאַליזירט געוואָרען ביז׳ן 1טען נאָוו. 1918.

א סאָוועט־בעאַמטער, מוראַנאָוו, פיהרט אונטער דעם סך־הכּל פון די נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריען אין פאָלגענדע ווערטער: „יעדע נאַציאָנאַליזירטע אונטערנעהמונג ברענגט אריין פון א דריטעל ביז א העלפט פון די פּראָדוקציאָנס־קאָסטען”.

דער דאָזיגער בעאַמטער ווארפט די שולד אויף דעם „קאָנצעליאַריזם” פון די נאַציאָנאַליזירונגס־מעטאָדען. — ד. ה. ער איז געגייגט צו באשולדיגען די הויכע קאָמיסאַרען, וועלכע זיצען אין די מאָסקווער קאַנצעלאַריעס און פאַר־וואַלטען פון דאָרט די פאַבריקען.

אָבער די צענטראַלע סאָוועטען־עקזעקוטיווע פון מאָס־קווע ווארפט די שולד אויף די אַרבייטער: דעם 5טען נאָ־וועמבער 1918 האָט זי אין א ספּעציעלער רעזאָלוציע ער־קלעהרט — לייענען מיר אין דעם רעפּאָרט פון דער רוסי־שער סאָציאַליסטישער דעלעגאַציע — אז דער הונגער אין מאָסקווע איז צו פאַרדאַנקען דער פוילענצעריי און דער רויבעריי פון די אַרבייטער. די וואַגאָנען־אויסלאָדער אין מאָסקווע לאָדען אויס דורכשניטליך דורכ׳ן טאָג 7,200 פונט יעדער, אָנשטאָט א האַלבען וואַגאָן. אין דער מעטאַל־אינ־דוסטריע, שרייבט דער „זשורנאַל פון האנדעל און אינדוס־טריע”, איז די פּראָדוקטיוויטעט געזונקען גאַנצע 75 פּראָ־צענט; אין דער גומע אינדוסטריע איז זי געזונקען 50 פּראָ־צענט. די טאַרטאַן וועב־פאַבריק האָט לעצטען אָקטאָבער ארויסגעלאָזען 58 טויזענד יארד אָנשטאָט דעם מאָנאַטליכען דורכשניט פון יאָהר 1917 — 220 טויזענד יאַרד. א גאַנצע גרופּע פאַבריקען האָבען געליפערט 550 טויזענד יאַרדס, — ווען נאָרמאַל האָבען זיי געדאַרפט ליפערען 2 מיליאָן יאַרד — מעלדעט דער באָלשעוויסטישער זשורנאַל „דאָס עקאָנאָמישע לעבען” פאַר׳ן לעצטען נאָוועמבער.

דערפון איז צו זעהן, אַז דער שטאַאַט, דאָס פאָלק אין אַלגעמיין ליידט אומגעהויערען שאַדען פון דער באָלשעוויס־טישער נאַציאָנאַליזאַציע; בלויז א קליינע גרופּע אַרביי־טער אין די אינדוסטריען ציהען פון איהר נוצען — ער־שטענס, דורך זייערע ריעזיגע וויידזשעס און, צווייטענס, אויך דורך די פּריווילעגיעס, וואָס זיי נעהמען זיך ביים פאַר־

טיילען די פּראָדוצירטע סחורות. די ארבייטער ערלויבען זיך צו נעהמען מאַסען סחורות, ניט אין אַן ערך מעהר וויפיעל זיי ברויכען. אזוי צום ביישפּיעל האָבען די ארבייטער פון דער פּראָכאָראָווער מאנופאקטור אין מאָסקווע באקומען יעדען מאָנאט 30 מעטער שטאָף פאר זיך און פאר יעדען מיטגליעד פון זייערע פאמיליעס.

אונטער אזעלכע אומשטענדען איז גאנץ פארשטענדליך דער פאקט, וואָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען אין די וועבערייען און שפּינערייען פון וואָלגאַ־ראַיאָן: פּויערים און געוועזענע סאָלדאטען, ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט וועגען די געוואלדיגע שכירות, וואָס די ארבייטער קריגען, און די שטאָפען, וואָס זיי נעהמען זיך אליין, האָבען מיט געוואלט געצוואונגען מען זאָל זיי אָנשטעלען צו דער ארבייט, וועגען וועלכער זיי האָבען דעם מינדסטען באגריף ניט געהאַט.

אָבער דאָס איז ניט דער איינציגער וועג פאר די ארבייטער צו באַרייכערען זיך אויף דעם חשבון פון די אינדוסטריען. דאָס זיינען נאָך כשר'ע מיטלען. נאָך מעהר זיינען פאראן אומעהרליכע מיטלען. אין „עקאָנאָמישען לעבען" לייענען מיר: „אונזערע פאָלקסווירטשאפטליכע סאָוועטען און דער באוואוסטזיניגער פּראָלעטאריאט בכלל דארפען אָנווענדען זייער גאנצע ענערגיע ניט צו דערלאָזען, אז אין די פאבריקען־קאָמיטעטען זאָל איינצעלנע פּאראזיטען געלינגען, מיט דער הילף פון ספּעקולאנטען, אונטערצוגראָבען אונזער קאָמוניסטישע ווירטשאפט."

די פאבריק־קאָמיטעטען, ווי געזאָגט, האלטען זיך פאר די בעלי־בתים פון די פאבריקען. די טעטיגסטע מיטגליעדער פון די קאָמיטעטען זיינען די פאראזיטען, וועלכע טרייבען געשעפטען מיט'ן קהל'שען אייגענטום. און וועגען די איבעריגע זאָגט די „איזוועסטיא" פון 1טען דעצעמבער, 1918, עדות: „מיט ווייניגע אויסנאהמען איז די מאסע פון אונזערע בעאמטע אפאטיש ביז טויט; זיי ווייזען זיך נאָר צוויי מאָל א מאָנאט אין דער פאבריק צו באקומען זייער געהאלט."

און פארשטעהט זיך, אויב א קאָמיטעטשיק איז גוט צו זיין, וואקסען די קאָמיטעטשיקעס ווי אויף הייוועז. די צאָהל פאבריק־בעאמטע איז געוואלדיג. אין 5 אויעזדען פון א געוויסער גובערניע זיינען דאָ 495 בעאמטע, ווען

פריהער זיינען געווען אין 12 אויעזדען פון דער זעלבער גובערניע ניט מעהר ווי 275 בעאַמטע.

היינט פּערלאַזט זיך אויף די באָלשעוויסטישע רעגיע־רונגס־דעקרעטען, פון וועלכע מען קען מיינען, אַז דער סאָ־ציאַליזם איז פאַרווירקליכט געוואָרען אין סאָוועטען־רוס־לאַנד. רעם אמת דערוויסען מיר זיך פון די באריכטען אין דער באָלשעוויסטישער פּרעסע, וועלכע זיינען ניט באשטימט פאַר אויסלאַנד. און די באריכטען ווייזען אונז, אַז אָנשטאָט סאָציאַליזם, איז פאַרווירקליכט געוואָרען דער קליין־קאַפּיטאַ־ליזם פון ספּעקולאַטאָרס, הענדלער און רעגיערונגס־בעאַמטע.

די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיסטען זעהען אין דעם אַ באַווייז, אַז דער סאָציאַליזם איז שולדיג. מען טאָר איבער־הויפּט ניט נאַציאָנאַליזירען די אינדוסטריען. אָבער ניין. שולדיג איז דער ספּעציעלער סאָרט „סאָציאַליזם“, וואָס די באָלשעוויקעס האָבען איינגעפיהרט — דער געוואַלט־סאָ־ציאַליזם. זיי האָבען געמיינט, אַז אויב זיי וועלען אַרויס־רייסען די פאַבריקען ביי די קאַפּיטאַליסטען און אַרויפוואַר־פען זיי אויף די אַרבייטער, זיינען זיי שוין פּטור. דערמיט האָבען זיי נאָר געצוואונגען די אַרבייטער צו ווערען קאַפּי־טאַליסטעלאַך.

די באָלשעוויקעס האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר אומ־פעהיג צו אָרגאַניזירען די אינדוסטריען. און נאָך אומ־פעהיגער האָבען זיי זיך אַרויסגעוויזען צו אָרגאַניזירען דעם געברויך — די פאַרטיילונג פון די פּראָדוקטען. אין פלוג איז דאָך אַ קשיא: עס הערשט דאָך ממש אַ הונגער אויף פאַב־ריק־אַרטיקלען, דער פויער רייסט דאָך פון די הענד סחורות, ער וואָלט באַצאָהלט מיט ברויט, תבואה און לעבענס־אַרטיק־לען, די פאַבריקען זיינען אין די הענד פון די באָלשעוויקעס, טו פּראָדוציר סחורות, פאַרקויף די פויערים און שאַף ברויט פאַר די הונגעריגע שטעדט. אָבער ניין. די באָלשעוויקעס קענען ניט אָרגאַניזירען דעם אויסטויש פון פּראָדוקטען צווי־שען דאָרף און שטאָדט, קענען ניט אָרגאַניזירען דעם מאַרק, ווייל עס פעהלט די ערשטע באַדינגונג פון אויסטויש אין מאַרק — קאָמוניקאַציע צווישען די באַזונדערע עקאָנאָמישע געביעטען — צווישען די אינדוסטריעלע צענטרען און תבואה־געגענד. דער טראַנספּאָרט איז צוזאַמענגעבראָכען, און די באָלשעוויקעס קענען איהם נאָך אַלץ ניט ברענגען אין אָרדנונג.

דער אויבען־דערמאָנטער באָלשעוויסטישער בעאַמטער

מוראַנאָוו טיילט מיט, אַז די פּרייזען פון מאַנכע אַרטיקלען אונטערשיידען זיך אויף 400 פּראָצענט אין פּלעצער, וואָס זיינען אָפּגעטיילט איינס פון אַנדערען ניט מעהר ווי מיט 10 וויאָרסט. אַ געוויסע צייט איז דער פּרייז פון בעסערען סאָרט מעהר אין פּעטראָגראַד געווען 700 רובעל אַ פּוד, בעת אין טווער האָט מען דעם זעלבען פּוד געקענט קויפען פאַר 63 רובעל. צוליעב די הויכע טראַנספּאָרט־קאָסטען האָט ניט געלוינט צו פיהרען מעהל.

פון דער אַנדער זייט איז די רעגיערונג געווען געצוואונגען צו פאַרקויפען פאַבריק־פּראָדוקטען פאַר אַ פּרייז, וואָס איז געווען נידריגער פון זייערע קאָסטען.

די פאַרקעהרס־מיטלען זיינען דעזאָרגאַניזירט. כאָטש דאָס לאַנד איז רייך אין האָלץ, האָט אין די שטעדט גע־פעהלט הייץ־מאַטעריאַל — לייענען מיר אין רעפּאָרט פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער דעלעגאַציע. לויט אַ באַ־קאַנטמאַכונג אין העכסטען עקאָנאָמישען ראַט, האָבען קוי־לען און מינעראַלען אַרומגעוואַנדערט הין און צוריק איבער'ן לאַנד, די וואַגאָנען זיינען פאַרבלאָקירט געווען אויף די סטאַנ־ציעס און מען האָט קוילען געקענט אומעטום קריגען, אָבער ניט אין די שטעדט און ניט אין די שמעלצערייען און פאַב־ריקען, וואו מען האָט זיי געדאַרפט. די טראַנספּאָרט־קאָ־מיסיע האָט אין 1918 זיך באַקלאָגט אויף די קאַטאַסטראָ־פישע צושטענדע אין וואַסער־פאַרקעהר."

דאָס ערקלעהרט טיילווייז, וואָרום פּעטראָגראַד האָט אין זומער פון 1918 באַקומען טעגליך בלויז 4 מיט זעקס־צעהנ־טעל וואַגאָנען ווייץ, אָנשטאָט די נאָרמאַלע 32 וואַגאָנען; מאָסקווע האָט באַקומען טעגליך 5 איין־צעהנטעל וואַגאָנען אָנשטאָט 26. אַן אַנדער געגענד האָט באַקומען 14 וואַגאָ־נען טעגליך, ווען זי האָט זיך גענויטיגט אין 235 וואַגאָנען. פאַר'ן לעצטען יאָהר האָט פּעטראָגראַד באַקומען 22,500 טאָן שפּייז, אָנשטאָט די נאָרמאַלע 165 טויזענד טאָן — לויט דער אָפּשאַצונג פון „זשורנאַל פון האַנדעל און אינ־דוסטריע".

מיר ברענגען דאָ אַ שטעלע פון מר. בערנשטיין'ס אינ־טערוויו מיט סאָקאָלאָוו, וואָס באַציהט זיך אויף דעם כאַאָס אויף די אייזענבאַהנען:

די „איזוועסטיא" פון דעם 16טען יאַנואַר 1919, איבער־געבענדיג דעם באַריכט פון מאָסקוער סאָוועט, שרייבט: „די

צאָהל פון די אייזענבאַהן־וואַגאָנען איז 160,000; מיר האָבען 8,995 לאָקאָמאָטיווען; העלפט פון זיי קען מען ניט נוצען. אין 1916 זיינען 16 פּראָצענט פון די לאָקאָמאָטיווען קאַליע געוואָרען; אין 1917 זיינען 25 פּראָצענט לאָקאָמאָטיווען איבערגעפיהרט געוואָרען; אין 1918 זיינען 43 פּראָצענט שוין געווען ניט אין דיענסט, און אין די ערשטע צוויי מאָנאַטען פון דעם יאָהר זיינען שוין 50 פּראָצענט געווען קאַליע. די אַרבייט פון פאַרריכטען די לאָקאָמאָטיווען געהט צו זעהר שוואַך און אָרים צוליעב'ן פאַלען פון דער דיסציפּלין צווישען די אַרבייטער".

די „איזוועסטיא" פונ'ם 27טען פעברואר 1919 שרייבט: „די צאָהל איבערגעפיהרטע לאָקאָמאָטיווען פאַרגרעסערט זיך טעגליך צוליעב דעם מאַנגעל אין ספּעציאַליסטען־אַרבייטער און צוליעב דער שוואַכער דיסציפּלין. זינט דעם 1טען יולי פון פאָריגען יאָהר זיינען 94 צושעדיגטע לאָקאָמאָטיווען געבראַכט געוואָרען אין אונזערע גרעסטע אייזענבאַהן־פאַבריקען אין בריאַנסק. בלויז 49 לאָקאָמאָטיווען זיינען פאַרריכט געוואָרען".

„נאַפט און געזאָלין פעהלט איבעראַל. די פאַבריקען האָבען געקראָגען בלויז 16 פּראָצענט געזאָלין און די אייזענבאַהנען — נאָר 6 פּראָצענט פון די זאַפּאַסען, וועלכע זיי דאַרפען. זאַפּאַסען קויהלען און קאָקס געהען לאַבוד אין אוקראַינע, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין אייזענבאַהנען אַריבערצופיהרען עס. אונזערע אייזענבאַהנען פיהרען בלויז 30 פּראָצענט פון די קויהלען, וואָס די רוסישע מינען גיבען אַרויס."

מר. סאָקאָלאָוו איז מיט דער מיינונג, אַז אין אַ געוויסער הינזיכט איז דער שלעכטער צושטאַנד פון די אייזענבאַהנען פאַראַנטוואָרטליך פאַר'ן הונגער. אַזוי האָט די „איזוועסטיא" פון דעם 4טען פעברואר געשריבען, אַז אין ניזשני־נאָווגאָראָד, סיזראַן, סאַראַטאָוו און אַסטראַכאַן ליגען אַרום 9 מיליאָן פּוד פיש, וועלכע קענען ניט טראַנספּאָרטירט ווערען.

די „סעווערנאַיאַ קאָמונאַ" פון דעם 15טען מערץ, 1919, שרייבט: „אויף און אַרום די אייזענבאַהן־סטאַנציעס פון קאַזאַן, סיזראַן, ריאַזאַן און קורסק ווערען פאַרהאַלטען זאַפּאַסען פון קאָרן און ווייץ צוליעב דעם צוזאַמענבּרוך פון די פאַרקעהר־מיטלען."

און דער כאָאָס אין טראַנספּאָרט רופט זיך אָפּ אויף די אינדוסטריען. נאָך ווענגי, וואָס די פּראָדוקטיוויטעט איז גע־פאַלען צוליעב דער פוילענצעריי פון די ארבייטער, מוזען די פאַבריקען זיך צושליסען, ווייל עס ווערט גאָרנישט צו־געפיהרט.

די טעקסטיל־אינדוסטריען אין סאָוועטען־רוסלאַנד זיי־נען אויף גרויסע צרות. עס איז אָפיציעל אָנגעגעבען גע־וואָרען, אַז 54 פאַבריקען אין איוואַנאָוואָ־וואָזנעסענסק (דער אַזוי גערופענער רוסישער מאַנטשעסטער, אין וולאַדימירער גובעריע) האָבען אָפּגעשטעלט די ארבייט צוליעב מאַנגעל אין מאַטעריאַלען, און בלויז 3 פּראָצענט פון די ארבייטער אין דער טעקסטיל־געגענד אין מערב פון מאָסקווע, זיינען גע־בליבען ביי דער אַרבייט. די ציפערען באַציהען זיך מיים־טענס אויף באַוועל־שטאָפען. זייט אַפּריל מאָנאַט איז עקס־פּאָרטירט געוואָרען אַ היבש ביסעל פלאַקס קיין שוועדען און דענעמאַרק. אָבער רוסלאַנד׳ס אייגענע געוואַנד־אינדוס־טריע, ווי די באַוועל־אינדוסטריע, איז געשטאָקט.

וועגען דער צוקער־אינדוסטריע איז אַרויסגעגעבען גע־וואָרען אַ רעפּאָרט פון דירעקטאָר פון דעפּאַרטמענט איבער אינדירעקטע שטייערן. און דער רעפּאָרט ערקלעהרט, אַז פון די 232 צוקער־פּאַבריקען, וואָס זיינען געוועזן אין קורסקער, וואָראָנעזשער, טאַמבאָווער, אָרלאָווער און טולער גובערניעס, זיינען געבליבען בלויז 40 פּאַבריקען. די איצטיגע פּראָדוק־ציאָן זייערע איז 4 און אַ האַלב מיליאָן פּוד. שוין אָפּגע־רעדט פון עקספּאָרט, נויטיגט זיך די סאָוועטען־רוסלאַנד אַליין איז נאָך 5 און אַ האַלב מיליאָן פּוד.

אַן אינטערעסאַנטע אויסנאַהמע איז די טאַבאַק־אינ־דוסטריע.

לויט דעם זשורנאַל „פינאַנצען און פאָלקס־עקאָנאָמיע“, איז טאַבאַק רויכערען געוואַלדיג געשטיגען זייט דער רע־וואָלוציע, און ווייל דאָס פאָלק האָט אַ סך געלד אין די קע־שענעס, האַלט עס אַלץ אין שטייגען. דאָס מיינט, אַז ווען קליידער, שיך און מאַנופאַקטור־אַרטיקלען קען מען ניט קרי־גען פאַר געלד, געהט דאָס נוצלאָזע געלד אַוועק מיט׳ן רויך.

דער קאָרעספּאָנדענט פון „לאָנדאָן עקאָנאָמיסט“, ווען ער איז געווען אין קראָנשטאַדט, האָט ער דאָרט געפונען אַן אמת׳ען טאַבאַק־הונגער. קיין סיגאַרעטעל איז ניט גע־ווען צו קריגען. די ערקלעהרונג, וואָס מען האָט איהם גע־

געבען, איז געווען, אז די מאַטראָזען און די ארבייטער, וועל־כע זיינען ארומגעגאנגען הונגעריגע, אָפּגעריסענע און אָפּגע־שליסענע, האָבען אויסגעקויפט דעם גאנצען טאַבאַק. זיי פאר׳שכור׳ן זייער הונגער מיט טאַבאַק.

אַלזאָ, דער רוסישער ארבייטער־קלאַס, וועלכער איז געוואָרען בעל־הבית איבער די אינדוסטריען און פאַבריקען, איז געווען בעל־הבית ניט אויף לאנג. די פאַבריקען צורינען אונטער זיינע הענד, ווי וואַקס, די ארבייטסלאָזיגקייט וואַקסט, דער הונגער אין די שטעדט ווערט אַלץ שאַרפער, און דער ארבייטער קלאַס גופא ווערט צושמאָלצען. בלויז איינצעלנע גרופּעס ארבייטער און איינצעלנע פּאַראַזיטען גיט זיך איין צו ציהען נוצען פון דעם אַלגעמיינעם קראַך און חורבן פון די אינדוסטריען.

עס קומט אויס, אַז די באָלשעוויקעס צושטערען דעם זעלבען קלאַס, וועמעס דיקטאַטור זיי האָבען פּראָקלאַמירט. די גרויסע נפקא מינה צווישען די לעבענס־קאָסטען אין די פארשיעדענע געגענדען צווינגט די ארבייטער צו עמיגרירען. די ארבייטער פון די שטעדט פארשווינדען, טראָגען זיך אָפּ אין די דערפער, אָדער ווערען פּעדלערס, ספּעקולאַטאָרס און קליין־קאַפּיטאַליסטען. די באַפעלקערונג פון פּעטראָגראַד איז פארקלענערט געוואָרען ביז 65 פּראָצענט, די באַפעלקע־רונג פון מאָסקווע ביז 60 פּראָצענט. דער „עקאָנאָמישער ראַט” פון די צפון־געגענדען באריכטעט, אַז דעם 1טען יאַנואַר 1918 האָבען 673 פאַבריקען אין פּעטראָגראַד באשעפטיגט 277,000 ארבייטער, און דעם 1טען אַפּריל בלויז 120,000 ארבייטער. צווישען יאנואר און מאַי, 1918, האָבען די מאָסקווער מעטאַליסטען יוניאָנס פארלאָרען 123 טויזענד מיטגליעדער פון דער פריהעריגער צאָהל — 183 טויזענד. די כעמישע ארבייטער האָבען פארלאָרען 30 טויזענד פון 40 טויזענד. לויט דעם „אויבערראַט איבער עקאָנאָמיע“, האָ־בען דעם לעצטען אַפּריל מיט איין קלאַפּ זיך פארמאכט 161 שוך־פאַבריקען, און בלויז 18 פּראָצענט פון דער ארבייטער־שאפט זיינען געבליבען ביי דער ארבייט. פון 14 צעמענט־פאַבריקען האָבען אַלע, אויסער 3, זיך געשלאָסען. פון די 30 טויזענד ארבייטער אין דער גומי־אינדוסטריע זיינען בלויז 7,500 געבליבען. אַן עהנליכע לאַגע הערשט אין די אינדוסטריען פון נאַפט, פּאַפּיער, צוקער, שוועבעלאָך און מאַשינעריע.

מיר זעהען אַלזאָ, אַז די באָלשעוויקעס האָבען אַ תל געמאַכט פון די אינדוסטריען, וואָס האָבען דאָך געדאַרפט זיין זייער ספּעציאַליטעט. זייער באַרוף איז דאָך געווען איבערצוגעבען די מאַכט צום פּראָלעטאַריאַט. אָבער דער פּראָלעטאַריאַט אַנטלויפט פון דער „מאַכט״ אין די דערפער.

און אין די דערפער? דאָרט איז ניט בעסער. דאָרט איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע, וואָס בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע: די ערד איז אַריבער אין פאַקטישען באַזיץ פון אָהן אַ שיער קליינע אייגענטימער.

אָבער אויך דער באַזיץ פון ערד האָט קיין נוצען ניט געבראַכט די פּויערים: אין גרעסטען טייל פון באָלשעוויסטישען רוסלאַנד שטאַרבען זיי פון הונגער; אין דעם איבעריגען טייל, וואו ברויט איז דאָ אין איבערפלוס, זיינען די דערפער פאַרפלייצט מיט געלד, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָס פּאַפּיער־געלד, ווען מען רעדט שוין איצט, אַז באַלד וועט מען עס פאַרקויפען אויפ׳ן וואָג? אויך דאָ באַרייכערען זיך בלויז ספּעקולאַנטען און די אַגענטען פון דער באָלשעוויסטישער רעגיערונג.

לאָמיר זעהן, וואָס האָט צו זאָגען וועגען דער לאַגע אין די דערפער דער באָלשעוויק סטאַניסלאַוו וואָלסקי־סאָקאָלאָוו.

„איך פאַררוף זיך אויף דער באָלשעוויסטישער פרעסע אַלס אַ באַשטעטיגונג אויף מיינע רייד, אַז, ערשטענס, איז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע אַ דורכפאַל, ווייל די רעגיערונג קען ניט אָנהאַלטען כאָטש וועלכע עס איז דיסציפּלין איבער די אַרבייטער; צווייטענס, די טעקסעס און צינזען, וואָס דאַרפען אַרויפגעלעגט ווערען אויף דער בורזשואַזיע, פאַלען אין דער ווירקליכקייט אויף די פּויערים; דריטענס, אַז די באַדינגונגען אויפ׳ן לאַנד זיינען זעהר כאָאָטיש: אַלע פאַרזוכען צו גרינדען קהל׳שע פאַרמס זיינען דורכגעפאַלען און די אויסזיכטען פאַר׳ן שניט זיינען שוואַכע; און פערטענס, די לאָקאַלע באָלשעוויסטישע אַדמיניסטראַציע איז אומפעהיג און זעהר קאָרופּט.

די קאָמוניסטישע פאַרמס זיינען אַ גרויסער דורכפאַל. דער גרעסטער טייל באָדען פון די פאַרמס איז געבליבען ניט בעאַרבייט. די „פּראַוודאַ״ האָט געמאַכט אַ רעכענונג, אַז פון דער גאַנצער קאָנפיסקירטער ערד זיינען 81 פּראָצענט

אריבער אין פריוואטע הענד, 4 פראָצענט איז פארבליבען ביי די קאָמוניסטישע פארמס, און די איבעריגע זיינען נאָך ניט צוטיילט געוואָרען.

די „איזוועסטיא“ פון דעם 24טען יאנואר שרייבט, אז אין די דערפער זיינען אַלע טעקסעס און קאָנטריבוציעס ארויפגעלעגט געוואָרען אויף די אָרימסטע פוערים. עס זיי־נען ניטאָ קיין מעטאָדען אין ארויפלעגען די טעקסעס.

פון די רוסישע צייטונגען קען מען זעהן, דאָס די פויע־רים הונגערען. אָנשטאָט די 450,000 אקעראייזענס, וועלכע די סאָוועטען דארפען האָבען, זיינען פאראן נאָר 50,000, און אנשטאט די נויטיגע זריעה צו פארזעען שפעטער די פעל־דער איז פאראן ניט מעהר ווי צו ביסלאך פון יעדען סאָרט.

און וואָלסקי ענדיגט מיט די ווערטער:

„מיך וואונדערט דאָס אומבאוואוסטקייט פון די אזוי־אָנגערופענע פיהרער פון דער עפענטליכער מיינונג אין איי־ראָפּא איבער'ן באָלשעוויסטישען רעזשים. אין דער צייט ווען פעטראָגראַד און מאָסקווע שטארבען פון הונגער, איז דער באָלשעוויסטישער רעזשים פארהערליכט ביי די איטאַ־ליענישע סאָציאליסטען, און די ענגלישע סאָציאלסטען האל־טען עס פאר א מוסטער פון דעם קינפטיגען שטאאט“.

אָבער אנדערש האָבען געאורטיילט די סאָציאליסטישע פיהרער, וועלכע האָבען זיך צונויפגעקליבען אויפ'ן בערנער אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס — קארל קאוטסקי, בראנטינג, הענדערסאָן און אנדערע — נאָך דעם, ווי זיי האָבען דורכגעשטודירט די באַ־ריכטען, וואָס די רוסישע דעלעגאַציע האָט צוגעשטעלט. אפילו דער טעראָר, וואָס די באָלשעוויקעס האָבען איינגע־פיהרט אַלס הערשאַפטס־מיטעל, קען אין זייער מיינונג זיך ניט פארגלייכען מיט דעם חורבן, וואָס זיי האָבען געבראכט אויפ'ן לאנד און אויפ'ן קלאס, וועלכען זיי האָבען צוגעזאָגט גליקליך צו מאכען, און אין וועמעס נאָמען זיי הערשען און טעראָריזירען.

„דער גרויסער אַרגומענט פון סאָציאַליזם — האָט ער־קלעהרט קאוטסקי — איז געוועזן, אַז דער סאָציאַליזם איז טיכטיגער פון קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם; די באָלשעווי־קעס האָבען פארניכטעט דעם אַרגומענט.“

די גרויסע פּריוואט־רייכטימער אין רוסלאנד זיינען פארשוואונדען — דאָס איז גוט. דער אומגליק איז, וואָס

די גרויסע רייכטימער האָבען קיין נוצען ניט געבראכט דער
האָרעוועגדער מאַסע. אויף דעם פּלאַץ פון די הונדערטער און
טויזענדער גרויסע פארמעגענס הערשען איצט איבער׳ן תהום
פון דלות הונדערטער טויזענדער פארמעגענס, וועלכע זיינען
ניט וועניגער שטארק און פעהיג צו ווידערשטאַנד.

---

## 9. — די רוסישע ארבייטער געגען די באָלשע־ וויקעס.

די עקאָנאָמישע און פינאַנציעלע פּאָליטיק פון באָל־
שעוויזם האָט אינגאנצען באַנקראָטירט און די הונגער־גסיסה,
וועלכע איז געקומען אַנשטאָט דעם פארשפּראָכענעם גן־עדן,
רייסט אַרויס ביי די פארצווייפעלטע רוסישע ארבייטער און
פּויערים ביטערע וועה־געשרייען געגען באָלשעוויסטישען
רעזשים.

דער פאָלגענדער פּראָטעסט פון דער ארבייטער־קאָנפע־
רענץ, וועלכע איז אַרעסטירט געוואָרען פון די באָלשעווי־
קעס און ווערט געהאַלטען אין דער מאָסקווער טאַגאַנסקער
געפענגניס, איז אַ ריכטיגע אָפּשפּיגלונג פון דער שטימונג,
וואָס הערשט ביי דער רוסישער פּראָלעטארישער מאַסע,
זינט דער פריהלינג פון 1918.

„מיר, די מיטגליעדער פון דער ארבייטער קאָנפערענץ,
וועלכע זיינען דעלעגירט געוואָרען פון אומאפּהענגיגע אר־
בייטער אָרגאַניזאַציאָנען פון פארשיידענע רוסישע שטעדט
(פּעטראָגראַד, מאָסקווע, טולאַ, סאַראַטאָוו, קאָלאָמנאַ, קו־
לעבאַקי, טווער, ניזשני־נאָווגאָראָד, וואָלאָגדאַ, אריאָל, וואָט־
קינסקי זאַוואָד) און זיינען אַרעסטירט געוואָרען אויף אונ־
זער צווייטער זיצונג, דעם זיבעטען יולי, 1918, אין „קאָאָ־
פּעראַציאָנס זאַל״, האַלטען פאַר אונזער עפענטליכער פליכט
צו פּראָטעסטירען פאַר אַלע בירגער פון רוסלאַנד געגען די
פאַלשע און פארלוימדערישע באַריכטען, וואָס זיינען ערשי־
נען אין דער באָלשעוויסטישער רעגירונגס־פּרעסע דעם 27טען
און 28טען יולי. די באָלשעוויסטישע רעגירונג נוצט אויס
דעם גינסטיגען פאַר איהר מאָמענט, ווען זי האָט פארשלאָ־
סען דאָס מויל פון דער גאַנצער אומאפּהענגיגער פּרעסע און
אונז האַלט זי פארשפּארט אונטער שלאָס און ריגעל אונ־
טער די אומגלויבליכסטע באַדינגונגען.

„אונזער קאָנפערענץ איז ניט געווען א געהיימע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע פארשווערונג, אָרגאניזירט פון רייכע לייט און אינטעליגענטען א. ז. וו., נאָר אָן עפענטליכע קאָנפע-רענץ פון דעלעגאטען פון ארבייטער־אָרגאניזאציאָנען, וואָס וועגען איהר האָט די גאנצע פרעסע, די באָלשעוויסטישע אריינגערעכענט, פון פריהער געוואוסט און דיסקוטירט.

„די דעלעגאטען זיינען ניט געשיקט געוואָרען צו דער קאָנפערענץ ניט פון דער מענשעוויסטישער און ניט פון דער סאָציאל־רעוואָלוציאָנערער גרופען, ווי עס איז ליגנע־ריש באהויפּטעט געוואָרען אין דער „איזוועסטיא",*) וועלכע וויל אָפּנארען די ארבייטער, וועלכע האָבען זיך נאָך ניט אָפּגעשאָקעלט פון דער רעגירונג, נאָר זיי זיינען געשיקט געוואָרען פון די פּאָרשטעהער־פּארזאמלונגען פון די זא־וואָדען און פאבריקען און זיי האָבען צעהנדליגע טויזענדער וועהלער הינטער זיך. דער אלגעמיינער באזיס פון פאר־טרעטערשאפט איז געווען 1 דעלעגאט אויף 400 ארבייטער. די „איזוועסטיא" געהט אזוי ווייט אין איהר חוצפּה, אז זי שעמט זיך ניט צו ערקלערען, אז די דעלעגאטען פּאָליקאר־פּאָוו און פושקין, די דעלעגאטען פון די טולא'ער ארבייטער, זיינען ערוועהלט געוואָרען מיט 60 און 160 שטימען. אין דער אמת'ען זיינען זיי געשיקט געוואָרען פון דער טולא'ער ארבייטער קאָנפערענץ, וועלכע איז צונויפגעשטעלט געווען פון די ערוועהלטע פּאָרשטעהער פון דער מאיאָריטעט טולא'ער ארבייטער. אויף די ערטער, וואו עס האָט זיך נאָך ניט איינגעגעבען אויסצובויען אונאפּהענגיגע ארבייטער־אָרגאניזאציאָנען, זיינען די דעלעגאטען צו דער מאָסקעווער קאָנפערענץ געשיקט געוואָרען דירעקט פון די גרויסע פאב־ריקען.

„נאכדעם ווי די „איזוועסטיא" האָט ליגנעריש פאָר־געשטעלט די דעלעגאטען אלס שווינדלער, וועלכע רעפּרע־זענטירען קיינעם ניט — אויף דעמזעלבען אומפארשעמטען שטייגער, ווי דאָס פלעגען טאָן די אָרגאנען פון צארישען רעזשים — געהט זי ווייטער אָן מיט איהרע ליגענס און גיט פאלשע אינפאָרמאציע וועגען די זאכען, וואָס מען האָט געפונען ביי די ארעסטירטע דעלעגאטען, כדי צו ווארפען א שאָטען אויף זייערע כאראקטערע. אזוי באריכטעט זי, אז ביי געגנאָסע בערג האָט מען געפונען 6 טויזענד רובל.

*) דער אָפיציעלער באָלשעוויסטישער אָרגאַן.

אין דער אמת'ן האָט ער געהאַט בלויז 590 רובל. וועגען גענאָסע לייקין ווערט ערקלערט, אז ער האָט געהאַט ביי זיך 160 רובל, אין דער אמת'ן: אַ רובל מיט 65 קאָפּיקעס. וועגען גענאָסע לייקינען גיט נאָך די „איזוועסטיא" ווייטער צו, אז מען האָט געפונען ביי איהם: אַ רינג, דימענטען און אַ גאָלדענעם זייגער; אין דער ווירקליכקייט אָבער איז זיין גאַנצע „צירונג" באַשטאַנען פון אַ געוועהנליכען סאָל־דאַטסקען אייזערנעם זייגערל, און אפילו די געפענגנים־וועכטער איז ניט איינגעפאַלען עס אוועקצונעמען ביי איהם.

„די באָלשעוויסטישע רעגירונג מוז זיך באַנוצען מיט נאַרישע, שענדליכע ליגענס צו באַרעכטיגען די מוטוויליגע אַרעסטען פון די ארבייטער־דעלעגאַטען, וועלכע האָבען גע־וואַגט צו ציינען עטוואָס זעלבסטשטענדיגקייט און איני-ציאַטיווע.

„די קאָנפערענץ פון די ארבייטער־דעלעגאַטען איז זיך צונויפגעקומען אום צוצוגרייטען די פאַררופונג פון אַן אַל־רוסישען ארבייטער־קאָנגרעס און זי האָט אָפּגעהאַלטען צוויי זיצונגען. די טאַגעסאָרדנונג פון דער קאָנפערענץ האָט איינגעשלאָסען פאָלגענדע פּונקטען: מיטלען געגען דער צערשפּליטערונג פון דער ארבייטער־באַוועגונג; וואָס קען געטאָן ווערען פאַר דער פאַראייניגונג פון די כחות פון אר־בייטער קלאַס און פאַר זייער געהעריגער אָרגאַניזירונג; פּלענער פאַר דעם אַל־רוסישען ארבייטער־קאָנגרעס. אָבער די קאָמוניסטישע רעגירונג, פּונקט ווי איהר פאָרגענגערין, די צאַרישע רעגירונג, קען ניט דולדען קיין שום סמן פון אומאָפּהענגיגער ארבייטער באַוועגונג, ווייל אַזאַ באַוועגונג וואָלט געווען געפעהרליך פאַר איהר הערשאַפט. אין דער באַוועגונג זעהט זי די אָפּשפּיגלונג פון שפּייז־קריזיס, און אומפעהיג צו לעזען די שטאַאַטס־פּראָבלעמען, וועלכע שטע־הען פאַר איהר, זוכט זי זיך צו ראַטעווען מיט אונטערדריי־קונגס־מיטלען געגען די פיהרער פון דער ארבייטער־באַווע־גונג. ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען האָבען אויסצושטעהן די אונערהערטעסטע פאַרפאָלגונגען.

לאַנג לעבען זאָלען די ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען!

לאַנג לעבען זאָל זייער אומאָפּהענגיגקייט, זייער רעוואָ־לוציאָנערע און אָרגאַניזאַטאָרישע איניציאַטיווע!

אונטערצייכענט:

א. נ. ס מ י ר נ אָ ו, ארבייטער פון קוילען־פאַבריק, דעלעגאַט פון פעטראָגראַד;

נ. נ. גליעבאָוו, ארבייטער פון די פּוטי־ליווער ווערק ;

י. ס. לייקין, דעלעגאט פון די פאַרשטעהער פארזאמלונגען פון ניזשני־נאָווגאָראָדער און וולאדימירער דיסטריקטען.

ד. וו. זאכאראָוו, סעקרעטער פון א פּראָפעסיאָנעלען פאראיין ;

ד. א. זאכאראָוו, פון סאַרמאַווא ;

וו. א. מאטוועיעוו, פון סאַרמאָווא ;

א. א. וועצקאלן, בויארבייטער מיטגליעד פון צענטראלען קאָמיטעט פון דער לעטישער סאָציאל־דעמאָקראַטישער פּארטיי ;

י. ג. וואָלקאָוו, דרעקסלער, מיטגליעד פון דער עקזעקוטיווע פון פּעטראָגראדער פאראיין פון מעטאל ארבייטער.

א. א. כינענקאָוו, פון ניזשני־נאָווגאָראָד.

ס. פּ. פּאָליקארפּאָוו, פון טולא.

נ. ק. באָריסענקאָ, פון פּעטראָגראדער טרויבען־פּאבריק.

וו. ג. טשירקין, דרעקסלער, מיטגליעד פון אל־רוסישען ראט פון פּראָפּעסיאָנעלע פאראיינען.

בערג, פון די עלעקטריציטעט־ווערק.

ד. סמירנאָוו, פון פּעטראָגראדער ארסענאל.

וויקטאָר אלטער, דעלעגאט פון צענטראל־קאָמיטעט פון „בונד".

פּושקין, ארבייטער פון טולער האנט־וואפען פּאבריק.

## דער פּראָטעסט פון „בונד".

אין פארבינדונג מיט דערזעלבער אנגעלעגענהייט, איז דער פאָלגענדער קייבעל ארויסגעשיקט געוואָרען פון די צענטראל קאָמיטעטען פון דער רוסישער סאָציאל־דעמאָקראַטישער ארבייטער פּארטיי און פון „בונד", צו די עקזעקוטיוועס פון אלע סאָציאליסטישע פּארטייען פון אייראָפּא און אמעריקא :

„פערציג דעלעגאטען, ערוועהלט פון ארבייטער פון פארשיידענע שטעדט צו אַ קאָנפערענץ מיט דעם צוועק צו אראנזשירען די פּאררופונג פון אַן ארבייטער־קאָנגרעס, זיינען ארעסטירט געוואָרען און ערווארטען פּראָצעסירט צו

ווערען פון העכסטען רעוואָלוציאָנערען טריבונאַל, וועלכער איז באַשאַפען געוואָרען אַרויסצוטראָגען טויט-אורטיילען אָהן די געוועהנליכע גאַראַנטיען פון אַ גערעכטען פּראָצעס. זיי זיינען פאַלש און פאַרלוימדעריש באַשולדיגט געוואָרען אין אָרגאַניזירען אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פאַרשווערונג. צווישען די אַרעסטירטע זיינען די פּראָמינענטסטע טוער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער־באַוועגונג, ווי צום ביישפּיעל, אַבראַמאָוויטש, אַ מיטגליעד פון צענטראַלען עק־זעקוטיוו קאָמיטעט פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער אַרבייטער פּאַרטיי און פון „בונד", וועלכער איז פּערזענליך באַקאַנט צו פיעלע אויסלענדישע קאַמעראַדען; אַלטער, מיטגליעד פון צענטראַל קאָמיטעט פון „בונד"; סמירנאָוו, מיטגליעד פון דער פּאַראַיאָהריגער סאָוועט־דעלע־גאַציע צו די מערב־לענדער; וועצקאַלן, מיטגליעד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער לעטישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישער פּאַרטיי; וואָלקאָוו, פּאָרזיצענדער פון פּעטראָגראַ־דער „פּאַרבאַנד" פון די אַרבייטער קאָאָפּעראַטיווע געזעל־שאַפטען; זאַכאַראָוו, סעקרעטער פון דעם פּעטראָגראַדער פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין פון די אַרבייטער אויף די כעמישע פאַבריקען און אונזערע פאַראייניגטע טוער פון דער טרייד־יוניאָניסטישער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

„מיר פּאָדערען אויף אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען גלייך זיך אריינצומישען, אום ניט צו דערלאָזען צו אַ שענד־ליכען און פאַרברעכערישען פּראָצעס".

## נאָך אַ פּראָטעסט פון געפענגנים.

דער אויבען געבראַכטער איז ניט דער איינציגער אַפּיעל פון רוסישע אַרבייטער, וואָס קומט פון הינטער די גראַטעס פון באָלשעוויסטישע געפענגניסען. וולאַדימיר בורצעוו, דער באַריהמטער רוסישער רעוואָלוציאָנער, האָט אין זיין צייטונג „אָבשצעיע דעלאָ", וואס ער גיט אַרויס אין פּאַריז, פאַר־עפענטליכט פאָלגענדען אַפּיל:

„צו אַלע אַרבייטער, צו אַלע בירגער:

מיר, צוועלף אַרעסטאַנטען פון דער טאַגאַנסקער געפענג־ניס אין מאָסקווע, צוועלף געפאַנגענע פון דער באָלשעוויסטי־שער רעגירונג, וועלכע ווערען באַטראַכט פון איהר אַלס אַן עקסטראַ־אָרדינערע קאָמיסיע צו קעמפּפען געגען דער רעוואָ־לוציע, מיר אַפּעלירען צו אייך, קאַמעראַדען און בירגער, פון הינטער די געפענגניס מויערען, פון הינטער די גראַטעס פון

איינצעל־קאַמערן, אין וועלכע מיר זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען פון דער באָלשעוויסטישער רעגירונג; מיר, אר־בייטער און אַלטע קעמפּפער פאר דער רעוואָלוציע און טייל־נעהמער אין דער פּאָליטישער באוועגונג; מיר, וועלכע זיינען אָפּגעזעסען טערמינען אין צאר׳ס געפענגניסען; מיר, סאָציאַליסטען, זיינען באַרויבט געוואָרען פון אונזער פריי־הייט דורך אַ רעגירונג פון פּויערים און ארבייטער, דורך א רעגירונג פון א „סאָציאַליסטישער רעפּובליק“.

דער אַפּיל באַשרייבט ווייטער, ווי אזוי די קאָנפערענץ פון די ארבייטער־דעפּוטאטען אין מאָסקווע איז צוטריבען גע־וואָרען און ווי אזוי די אַרעסטען זיינען צוגעגאַנגען.

„נאכדעם ווי מען האָט אונז אַרומגעזוכט — לייענט זיך דער אַפּיל — זיינען מיר אַלע, 58 אין צאָהל, 50 ארבייטער איינגעשלאָסען, פאָרשטעהער פון פּראָלעטאריאַט פון מאָסקווע, פּעטראָגראַד און טולא, איועקגעפיהרט געוואָרען אין אויטאָמאָבילען אויף לוביאנקא*) צו דער באַקאַנטער „עקסטרא־אָרדינערער קאָמיסיע צו באַקעמפען די קאָנטר־רע־וואָלוציע“. אַלע זיינען איינגעשפּארט געוואָרען אין אַ געפענגניס־קאַמער פון געוועהנליכער גרויס און מען האָט אונז געהאַלטען אָהן עסען ביז אויף מאָרגען פריה. דורך דער נאַכט איז יעדער פון אונז באַזונדער גענומען גע־וואָרען אויף אַ פאַרהער. אונזערע פאַרהערער זיינען געווען גראָבע, אומוויסענדע לייט, וועלכע האָבען זיך ערלויבט אויס־צולאַכען און אָפּצושפּעטען פון אייניגע ארבייטער און אפילו צו סטראַשען זיי. עטליכע פון די אונטערזוכער האָבען אונז געשטעלט פראַגען: צי מיר אנערקענען די סאָוועטען־רע־גירונג? זיי האָבען געזוכט אויסצוגעפינען, ציר מיר האָבען פאַרבינדונגען מיט די טשעכאָ־סלאָוואקען, און וואָס זיי זיי־נען אונז חושד געווען, און זיי האָבען איבערהויפּט ארויסגע־וויזען אַן אינטערעס צו די טשעכאָ־סלאָוואַקען און זייערע באַוועגונגען. אויף דעם קרייץ־פאַרהער זיינען מיר אין קיין זאַך ניט באַשולדיגט געוואָרען. אָבער דער כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע, פאַר וועלכער מיר זיינען פאָרגעבראַכט געוואָרען, האָט זיך אַרויסגעצייגט אין דעם סאָרט פראַגען, וואָס מען האָט געשטעלט אייניגע פון אונז. מען האָט אונז געפרעגט, צי מיר האָבען אָנגעפירט „פּראָפּאַגאַנדאַ“ (פּונקט ווי אין די אַלטע גוטע צייטען) און צו האָבען מיר,

*) אַ גאַס אין מאָסקווע.

וואַרטענדיג אויפ'ן פּאַרהער, געזוכט צו געפינען צווישען די אַנדערע אַרעסטירטע „געגנאָסען". (פּיליכט האָבען זיי חושד געווען א בונט?) די געגנאָסען ד. ג. קוטשין, ק. סטראַסקי און ס. ג. ראָגאָוו, אַן אַרבייטער פון א מעכאַנישען וואַר־שטאַט, זיינען אָפּגעזונדערט געוואָרען פון אונז ביז צום נעקסטען פריהמאָרגען, ווייל זיי האָבען זיי אויסגעקוקט פאַר־דעכטיג. די אַלגעמיינע אַטמאָספּערע פון פאַרהער האָט געשמעקט מיט דעם ערגסטען, קאָרופּטעסטען סאָרט שפּיאָנאַזש.

„די קאַמערען פון דער געביידע אויף לוביאַנקאַ זיינען איבערפילט געווען מיט מענשען פון אַלערליי שטאַנדען און עלטער. דאָרט זיינען געווען קינדער, אַזוי גוט ווי אַלטע לייט, וועלכע זיינען געזעסען הינטער'ן שלאָס וואָכען־לאַנג אָהן א פאַרהער און אָהן קלאַגען. געגנאָסען און בירגער! די רעגירונג באַגעהט די ווילדסטע משונעת'ן. אַרבייטער, וועלכע זוכען הילף און ערלייזונג פון זייערע ליידען, ווערען אונטערוואָרפען די ערגסטע ערנידעריגונגען. די רעגירונג לעגט אַרויף איהר האַנט אויף אַלץ, וואָס דאָס פאָלק האָט אַרויסגעריסען פון דער רעוואָלוציע, אויף אַלץ, אין וואָס דאָס פאָלק נויטיגט זיך אַזוי, ווי עס נויטיגט זיך אין לופט צו אָטעמען. די אַרבייטער זיינען באַרויבט געוואָרען פון זייערע דרינגענדסטע און הייליגסטע רעכטען, פון פרייהייט פון פאַרזאַמלונג, און זיי זיינען דורך דעם געשטעלט גע־וואָרען אין א הילפלאָזער לאַגע.

אויף אונזערע געפענגנים בילעטען איז אָנגעשריבען: „שולדיג אין קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע פאַרזוכען". דער פאַקט אַליין, אַז מיר זיינען אַרעסטירט געוואָרען און אונ־זער אַרבייטער פאַרזאַמלונג אין סאָציאַליסטישען קלוב איז צוטריבען געוואָרען, איז א געניגענדער באַווייז, אַז אונזער איצטיגע רעגירונג טראָגט אונטער א פאַלשער פּרעטענזיע דעם נאָמען „רעגירונג פון אַרבייטער". נאָך מעהר: צעהנדליגע אַזעלכע אַרעסטען און צוטרייבונגען פון אַרביי־טער־פאַרזאַמלונגען, באַגלייט מיט שיסערייען, זיינען פאָר־געקומען.

און וואָס ווייטער געפינט די דאָזיגע „רעגירונג פון אַרבייטער" אַלץ מעהר און מעהר שולדיגע אין קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיגקייט, מערקווירדיג גענוג, צווישען די מיטגליעדער פון אַרבייטער קלאַס. אין רעזולטאַט זיינען

די געפענגניסען איבערפילט מיט ארבייטער־סאָציאַליסטען ווי אין די צייטען פון צארישען רעזשים.

דער ארבייטער־קלאַס איז אין געפאהר! די רעגירונג פון די קאָמיסאַרען איז געגנעריש צו די אינטערעסען פון פּראָלעטאַריאַט פון דער דעמאָקראַטיע און פון גאנצען לאַנד. מיר, די צוועלף געפאנגענע פון דער באָלשעוויסטישער רע־גירונג, מיר ארבייטער און פארשטעהער לידערס פון פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציאָנען און סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, ערקלערען דערמיט אונזער פולבארעכטיגטען פּראָ־טעסט געגען אונזער אַרעסט און געגען דער ווילדער אטאַקע אויף דעם ארבייטערס רעכט צו אָרגאַניזירען זיך — די צוויי אַקטען, וואָס זיינען דעם 13טען יוני באַגאַנגען געוואָרען פון די אַגענטען פון דער איצטיגער מאָנארכיסטישער רעגי־רונג. מיר פּראָטעסטירען געגען דער גרויזאַמער באַהאַנד־לונג פון ארבייטער קלאַס, וועלכער, אויפ'ן שוועל פון אפּ־גרונד, שרייט נאָך רעטונג פאר רוסלאַנד און איהרע ארביי־טער־מאַסען. מיר האָפען, אַז אונזער געשריי, וואָס מיר שרייען אַרויס פון געפענגניס, וועט דערהערט ווערען פון די ברייטע קרייזען פון ארבייטער קלאַס און פון דער דעמאָ־קראַטיע!

(אונטערשריבען)

ט. י. א י ו ו אַ נ אָ ו, פון די „דוקס"-ווערק, פּרעזידענט פון דער ארבייטער־קאָנפערענץ פון יוני 23טען.

ו. ס. ס ט ר אַ כ י ן, פון דער פאַבריק „לימאַן".

פ. פ. פּ אָ מ אַ כ י ן , פון דער דרוקעריי „זאַדרוגאַ".

ס. ג. ר אָ ג אָ ו, ארבייטער פון מעכאַנישען וואַרשטאַט פון נעסמע־אַנאָוו.

י. ו. מ אַ ט ו ו ע י ע ו ו, ארבייטער פון דער פאַבריק „בראַמלעי".

ק. ד. א ו ל י אַ נ אָ ו, פּרעזידענט פון דער שמעלצער סעקציע פון פּראָפעסיאָנעלען פאַראיין פון די מעטאַל־ארבייטער; דעלעגאַט פון די ארבייטער פון דעם בריאַנסקער זאַוואָד און מיטגליעד פון בריאַנסקער ראַט פון ארבייטער־דעפּוטאַטען.

מ. ס. ק אַ מ ע ר מ אַ כ ע ר ־ ק ע פּ אַ ל י, סעקרע־טער פון אַל־רוסישען דרוקער־פאַרבאַנד.

**א. ר. ט ר אָ י אַ נ אָ ו ו ס ק י, מיטגליעד פון צענ־**

טראַל־קאָמיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער־פּאַרטיי.

ג. ד. ק ו ט ש י ן, מיטגליעד פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבייטער־פּאַרטיי.

ב. וו. מ אַ ל ק י ן, מיטגליעד פון דער עקזע־קוטיווע פון מאָסקווער ראַט פון אַרבייטער דעפּוטאַטען און סעקרעטער פון מאָסקווער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

א. ד. ב אַ ר אַ ד ו ל י ן, מיטגליעד פון דער סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע „יעדינסטוואָ”.

ל. וו. פ ר י י פ ע ל ד, מיטגליעד פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

## 10. — דאָס לעבען אין סאָוועטען־רוסלאַנד.

געשילדערט פון אַ פראַנצויזישען סאָציאַליסט, פון אַ דייטשען אונאָפּהענגיגען סאָציאַליסט און פון אַ רוסישען סאָציאַל־דעמאָקראַט.

שאַרל דומאַ, א פראַנצויזישער סאציאַליסט און א דע־פּוטאַט פון פּאַרלאַמענט, געוועזענער סעקרעטער פון זשול געד, האָט באַזוכט רוסלאַנד, כדי פּערזענליך צו מאַכען אַ שטודיום פון דער רעוואָלוציע. ער האָט פאַרבראַכט אין רוסלאַנד 15 חדשים און האָט בייגעוואָהנט די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין נאָוועמבער, 1917, און דעם רעזשים פון טעראָר, וואָס האָט געפאָלגט נאָך דעם.

אומקערענדיג זיך קיין פראַנקרייך, האָט שאַרל דומאַ אָנגעשריבען א בוך, אין וועלכען ער וואַרנט זיינע חברים סאָציאַליסטען וועגען די געפאַהרען פון באָלשעוויזם. דו־מאַ באַהויפּטעט, אַז באָלשעוויזם אין אייראָפּאַ וועט אדער פיהרען צו א ברוטאַלער רעאַקציע, וואָס וועט פאַרפינסטערן אייראָפּאַ אויף גאַנצע 50 יאָהר, אדער ער וועט ענדיגען מיט דער פאָלשטענדיגער פאַרניכטונג פון דער מאָדערנער ציווי־ליזאַציע.

דאָ זיינען א פּאָר אויסצוגען פון שאַרל דומאַ׳ס בוך:

„ווען איך בין אָנגעקומען אין פּעטראָגראַד, איז מיין ערשטער וואונש געווען אויסצוזוכען מיינע דריי אַלטע רו־

סישע פריינד, אָבער באלד האָב איך זיך דערוואוסט, אז מיין זוכען איז אומזיסט. צוויי פון די אומגליקליכע זיי־נען אראפּ פון זינען, א דריטער האָט זיך איבערגעשניטען דעם האלז מיט אַ גאָלמעסער.

„ווי פאלש עס איז צו פאַרענטפערען דעם באָלשעוויס־טישען טעראָר דורך דער עלליים אריינמישונג — אן אריינ־מישונג, וואָס איז קיינמאָל ניט פאָרגעקומען אין ריכטיגען זין פון ווארט! דער באָלשעוויזם איז לויט זיין נאַטור אַ רעזשים פון אָנהאַלטענדען טעראָר, אַ רעזשים, וואס האָט געמאכט הריגות פאר א רעגיערונגס־סיסטעם. מיר האָ־בען צוגעזעהן, מיט אונזערע אויגען, פאר אונזערע פענס־טער, אין די טעג פון דער פאר־דער־צייט געשטארבענער גרינדונגספארזאמלונג, אַן אגולגע מערדעריי פון פריעדלי־כע דעמאָנסטראַנטען — פעטראגראַדער ארבייטער, וועלכע האָבען פאראדירט זינגענדיג דורך די גאסען.

„וואו נאָר די באָלשעוויקעס האָבען געוואונען די מאכט, האָבען זיי גלייך געבראכט מיט זיך מאסען־הריגות און ברו־טאַלע רציחות.

„עס זיינען נאָך פריש אין אייער זכרון און איך דארף אייך ניט דערמאָנען די סעוואסטאָפּאָלער גרוילען פון מערץ, 1918, ווען די מאַטראָזען פון האפען, אויפגעהעצט ביז צום העכסטען גראד פון בעסטיאַליטעט דורך דער באָלשעוויס־טישער פרעסע, האָבען באַשלאָסען אויסצו׳הרג׳ענען אלע איינוואָהנער פון די הויפט־גאסען, ניט שאָנעווענדיג אפילו קיין קינדער, עלטער פון פינף יאָהר.

„דאָ זיינען אַ פּאָר ביישפּיעלען:

„דעם 11טען מערץ, 1918, האָבען די פויערים פון אַ דאָרף נעבען כילקאווא געמאכט יד־אחת מיט די באלשע־וויקעס און האָבען אָרגאַניזירט אן אמת׳ע בארטאָלאָמיי־נאכט אין דער שטאָדט כילקאווא. ביי 500 קערפּערס פון די קרבנות זיינען נאָכדעם געפונען געווארען, מעהרסטענס פון דער אינטעליגענץ. אלע הייזער און געשעפטען זיינען געפּלינדערט און צעשטערט געווארען; די אידען האָבען געליטען אממעהרסטען. גאנצע פאמיליעס זיינען אפּגע־ווישט געווארען און פאר דריי טעג צייט האָבען די באל־שעוויקעס ניט ערלויבט צו באגראָבען די טויטע.

„אין מאי, 1918, איז די שטאָדט קאראשא געווען די סצענע פון אַ שרעקליכער בלוט־באָד. 30 אָפיציערען, 4 גלחים און 300 בירגער זיינען געטויטעט געווארען.

„די פאָלקס קאָמיסארען און די סאוועטען האָבען מעהר, ווי ביי איין געלעגענהייט צוגעגעבען, אז די אלע גרוילען זיינען א טייל פון זייער פראגראם. אויף דעם קאָנגרעס פון די סאָוועטען, האָט דער פארזיצענדער פון צענטראל־קאָמיטעט פון די סאָוועטען, סווערדלאָוו, געזאָגט: „מיר פארערען אויף די סאָוועטען ניט אָפּצושוואכען, נאָר צו פארשטארקען דעם טעראָר, וואָסערע שרעקליכע פארמען ער זאל ניט אָננעהמען און ווי גרויס די צאָהל קרבנות זאל ניט זיין.”

„דריי געשעהענישען, מעהר ווי אלע אנדערע, כאראקטעריזירען אם בעסטען די שטייגענדע שטופען פון טעראר, וואס איז סיסטעמאטיש ארגאניזירט געווארען פון דער צענטראלער מאכט פון די באָלשעוויקעס. דאָס איז דער פראצעס פון אדמיראל שצאסטני, דער אויפשטאנד פון די לינקע סאָציאליסטען־רעוואָלוציאָנערען און דער אטענטאט אויף לענינ׳ען.

„דער שצאסטני פראצעס איז דער העסליכסטער עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון באָלשעוויזם. און דאָס עקעלהאפטסטע אין איהם איז געווען די פאראדיע פון געזעצליכקייט, אין וועלכער מען האָט געוואלט פארשלייערען א קאלט־בלוטיגע מערדעריי. אדמיראל שצאסטני איז געווען דער קאָמאנדיר פון דער באלטישער פלאָטע, וועלכע איז אריינגעזעצט געווארען אין אמט פון די באָלשעוויקעס אליין. דאָס איז געווען איהם צו פארדאנקען, וואס 200 רוסישע קריעגסשיפען זיינען אין צייט ארויסגעפיהרט געווארען פון העלסינגפאָרסער האפען און זיינען אויסגעהיט געווארען פון אריינפאלען אין דייטשע הענט, סאמע ערב דער דייטשער אריינדרינגונג אין פינלאנד. און אין אלגעמיין איז דאָס הויפּטזעכליך זיין פארדיענסט געווען, ווען עס איז געלונגען אפּצוראטעווען וויפיעל ניט איז פון דער רוסישער פלאָטע. זיינע פאָליטישע אנשויאונגען זיינען געווען אזוי ראדיקאל, אז אפילו די באלשעוויקעס האָבען איהם געדולדעט אין זייער דיענסט.

„און ניט קוקענדיג אויף דעם אלעמען, איז ער באשולדיגט געווארען אלס מיטבאטייליגטער אין א קאָנטער־רעוואלוציאנערער פארשווערונג און געשטעלט געווארען פאר א טריבונאל. אומזיסט האָבען די ריכטער גענישטערט נאָך א סימן פון באווייז, וואס זאל פעסטשטעלען זיין שולד.

בלויז איין איינציגער עדות איז ערשיענען געגען איהם — טראַצקי — וועלכער אנשטאַט צו ברענגען פאקטען, האָט אפּגערעקלאמירט א גיפטיגע העצערישע אנקלאגע. אדמי־ראל שצאסטני האָט זיך געבעטען ביי די ריכטער צו צו־לאָזען עדות פאר דער פארטיידיגונג, אבער די ריכטער האָ־בען אין דער ביטע אליין שיער ניט דערזעהן פארראַט. דאן האָבען די עדות, וועלכע מען האָט ניט געוואָלט אויסהערען, צוגעשטעלט זייערע ערקלערונגען שריפטליך, אבער דער גע־ריכט האָט באשלאָסען ניט צו לייענען זייערע מיטטיילונ־גען. נאָך א כלומר'שטריגער בעראַטונג, איז שצאסטני פאר־אורטיילט געווארען צום טויט — אָן אורטייל, וואס איז שפּע־טער אפילו פון קרילענקא'ן, איינער פון זיינע באשולדיגער, כאראקטעריזירט געווארען מיט די ווערטער: „דאָס איז ניט געוועזן קיין טויט־אורטייל — נאָר א פּשוט'ע ערמאָרדונג."

„דער אורטייל האָט געדארפט אויסגעפיהרט ווערען אין 24 שטונדען. דאָס האָט ארויסגערופען דעם צאָרן פון די לינקע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע זיינען צו יענער צייט געוועזן פארטראַטען אין פאָלקס־קאָמיסאַריאַט, און זיי האָבען אריינגעבראַכט אין נאָמען פון זייער פאר־טיי א שארפען פּראָטעסט געגען דער באשטעטיגונג פון טויט־אורטייל. די קאָמיסאַרען האָבען געענטפערט אויף דעם מיט א פאראָרדנונג, אז שצאסטני זאָל גלייך דערשאָסען ווערען.

„ווארשיינליך איז שצאסטני געמאַטערט געוואָרען פאַר דעם טויט. ער איז ערמאָרדעט געווארען אָהן עדות, אָהן א גלח, אפילו זיין אדוואקאַט איז ניט אינפאָרמירט געוואַ־רען וועגען דער שטונדע פון דער הינריכטונג. ווען זיין פאַ־מיליע האָט נאָכדעם פארלאנגט די אויסליפערונג פון זיין קערפּער, האָט מען דאָס איהר ענטזאגט. ווען שצאַסטני איז ניט געפייניגט געוואָרען, וואָס האָבען די באָלשעוויקעס געהאַט וואס מורא צו האָבען, וואס האָבען זיי זיך אזוי איינ־געשפּארט ניט ארויסצוגעבען דעם קערפּער פון טויטען אד־מיראל?

„דאָס זעלבע האָט פּאַסירט נאָך דער הינריכטונג פון פּאָני ראוד (דאָרא קאפּלאן), וועלכע האָט געשאָסען אויף לענינ'ען. עס זיינען אויך פאראן אומבאַשטרייטבאַרע באַווײ־זע, אַז די באָלשעוויקעס האָבען איינגעפיהרט די אונטערזו־כונגס־מעטאָדען פון דער אינקוויזיציע—זיי מאַטערען און פּיי־

ניגען זייערע קרבנות. עס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז דער מערדער פון קאָמיסאַר אוריצקי איז געמאַטערט גע־וואָרען פון זיינע הענקער אין פּעטראָפּאַוולאָווסקי פעסטונג. אגב, איז זיין גאַנצע פאַמיליע אָפּגעווישט געוואָרען פון דער ערד — אויס פּרינציפּ, אַזוי צו זאָגען — אָהן דעם תירוץ אפילו, אַז זי האָט עפּעס געוואוסט וועגען דעם געפּלאַנטען אַטענטאַט".

— — — — — — — — — — — — — — —

פרידריך קאַפּער, אַ דייטשער לעהרער, אַן אונאָפּהענ־גיגער סאָציאַליסט, האָט געלעבט אין רוסלאַנד פיער יאָהר צייט זייט דעם הערבסט פון 1914, ווען ער איז אריינגע־פאַלען אין פלען. איהם איז געלונגען צו אנטלויפען פון רוסלאַנד דעם 2טען דעצעמבער, 1918. אָנקומענדיג אין דייטשלאַנד, האָט ער געשיקט א בריעף צו זיינעם א פריינד אין דענעמאַרק, און דער בריעף איז שפּעטער פאַרעפענט־ליכט געוואָרען אין „רוסקאַיע עכאָ", וואָס ערשיינט אין סטאָקהאָלם.

מיר דרוקען איבער דעם בריעף, און מיר קענען צו־געבען צו דעם, אַז פרידריך קאַפּער איז גענומען געוואָרען אין דער אַרמיי אלס שטראָף פאַר זיינע אַנטי - מיליטאַריס־מישע איבערצייגונגען, און ער האָט זיך אונטערגעגעבען צו די רוסען ביי דער ערשטער געלעגענהייט. אַט דער דייט־שער לעהרער איז געווען א פּרינציפּיעלער געגנער פון דער מלחמה נאָך א צייט פריהער, איידער די באָלשעוויקעס האָ־בען פאַרלאָזען די מאַיעסטעטישע בערג און שמעקענדע טאָ־לען פון דער שווייץ, און זיינע רייד האָבען דערפאַר נאָך א פיעל גרעסערען ווערט. זיין בריעף פאָלגט:

„אויב דו לעבסט נאָך, מיין ליעבער פריינד, וועט דיך דער בריעף זיכער פאַרוואונדערען — ערשטענס, וועסטו זיך ניט גלויבען, אַז דער בריעף קומט פון מיר, דיין פריינד, ווען מען דו האָסט שוין לאַנג געהאַלטען פאַר טויט, און צוויי־טענס, וועסטו זיך אויך ניט קענען אָפּוואונדערען פון דעם אינהאַלט. „וואָס, וועסטו אויסשרייען, אַזוינס שרייבט פרידריך, דער אומקאָמפּראָמיסליכער, נאָך ווען מען די זשאַנ־דאַרען פון גאַנץ דייטשלאַנד האָבען זיך אַרומגעיאָגט יאָה־רען לאַנג, ווען מען האָט געשיקט צום פראָנט מיט דעם מערדערישען ציעל ער זאָל מעהר ניט צוריקקומען? דאָס איז דאָך אוממעגליך! און ווידער וועסטו נעהמען זיך צו־

קוקען צו מיין אונטערשריפט — אפשר איז דאָס א פעל־שונג. יא, מיין פריינד, דאָס בין איך אליין, איך אין מיין לייבליכער געשטאלט.

„שמ׳על זיך פאָר, איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט, אז די ווירקליכקייט קען זיין אזוי מיאוס, אזוי אָפשיילּיך, און די זאָרג פאר מיין מוטערלאַנד האָט אויפגעוועקט אין מיר א געוואלדיגען פארלאנג צו קומען אהיים, צו זעהן, וואס דארט קומט פאר. שוין זשע, האָב איך געטראכט, וועט דייטשלאַנד, דאָס גרויסע פאטערלאנד, באפרייט פון דעם קאָשמאר פון דעם פארריסענעם קאָפּ — דעם קייזער, אויך פארוואנדעלט ווערען אין אזא פאָרמלאָזען מיש־מאַש, ווי רוסלאַנד ?

„אָה, איך האָב א סך איבערגעטראכט, ליעבער פריץ, אזויפיעל, אז אמאָל קומען מיר פאָר מיינע אייגענע גע־דאנקען אזוי אוממעגליך, אזוי פרעמד, איך מיין, אז דאָס טראכט אַן אַנדערער, ניט איך, אַז איך בין פּשוט מיעד פון דעם לאנגען פּלען.

ביז דער איבערקעהרעניש איז מיר געווען זעהר שווער, וואס שייך מיינע פּערזענליכע באַקוועמליכקייטען, כאָטש, אלס לעהרער, בין איך באהאנדעלט געווארען אנשטענדיג, און כאָטש עס איז געווען פארבאָטען, האָט מען דאָך פליי־סיג גענומען ביי מיר לעקציעס אין דייטש. אבער אָט איז געקומען דער גרויסער נס, דער שקלאַף, א שקלאַף אין יע־דען פּרט, איז געוואָרען פריי. מיר האָט זיך געהאָפּט, אַז דער טרוים פון מיין אייגענעם לעבען איז פארווירקליכט געווארען. איך האָב געוויינט פאר פרייד, ווי א הונט אין זיין קאַנורע. דאָס איז בלויז דער אָנהויב, האָב איך גע־טראכט, באלד וועט קומען די אמת׳ע פרייהייט, און זי איז געקומען. אָה, פריץ, טייערער, ווי דאָס לעבען האָט מיך אָפּגענאַרט !

„ווייסט דאָך, אז צווישען אונזערע געפאנגענע זיינען געווען א סך סאציאליסטען. עס זיינען אבער אויך געווען אזעלכע, וואס האָבען געקוקט אויף אונז, ווי אויף פאררע־טער, און זיינען אונז דערגאנגען די יאהרען אין די פארשיע־דענע לאגערען. איצט זיינען די אמאָליגע געטרייע דיענער פון קייזער געווארען די ניצליכסטע אינסטרומענטען אין די הענט פון די באָלשעוויקעס. דער אָרטיגער קאָמיסאר קוזמין, אָהן צווייפעל, א מאן מיט פרינציפּען, אבער אן

אומוויסענדע און אומקולטורעלע פערזאן, האָט די דאָזיגע חברה געמאכט פאר זיינע פריינד און אונז איז קיין אנדער זאך ניט געבליבען, ווי צו אנטלויפען.

„אָבער לאָמיר באטראַכטען די פאַקטען.

„אז מען קוקט זיך צו צו זייערע מעשים, קען איינ־פאלען, אז די רוסישע פסיכאָלאָגיע איז גאָר פון א באזונ־דערען מין. זיי פארשטעהען פרייהייט גאר אויף אן אנדער אופן. זיין פריי הייסט ביי זיי מאַכען דעם צווייטען אומפריי, ביי איהם אלץ צונעהמען, און אלס צוגאָב איהם פארניכטען. דאָס ווערט מסתמא געטאָן צוליעב צוויי טעמים: פטור צו ווערען פון אן עדות און זיך גרינגער מאכען דעם געוויסען.

„דאָס, וואס האָט זיך אפגעשפיעלט אין וואלאגדא, וואלט גענומען צו לאנג צו דערצעהלען, און עס איז אויך ניט זעהר אנגענעהם. די באָלשעוויקעס זיינען געווען אין איין פחד פאר די ענגלענדער, ווען יענע האָבען ערשט נאָר וואס געלאנדעט אין דעם ווייטען ארכאנגעלסק. דער קאָ־מיסאר האָט דארום באשלאָסען, אז האלטען פארשפארט אלע „קאָנטר־רעוואלוציאנערען" און אלע פארדעכטיגע אין נעפעגגנים וואלט געווען א צו לאנגע געשיכטע און ניט מאַ־כענדיג קיין גרויסען וועזען דערפון, האָט מען זיי אלעמען אין מיטען נאכט ארויסגעפיהרט הינטער דער שטאָדט און קאלט־בלוטיג דערשאסען. דאָס איז געווען א „ריינע שטי־קעל ארבייט", ווי דער קאָמיסאַר האָט זיך אויסגעדריקט. איך צווייפעל און צווייפעל גאר שטארק, צי מען קען מיט אזעל־כע מעטאָדען פארזיכערען די קאָמוניסטישע ארדנונג.

„ווען אָט די הינריכטונגען האָבען זיך אָנגעהויבען — און דערשאסען האָט מען, דארפסטו וויסען, פויערים און ארבייטער, אזוי גוט ווי אנדערע, האָב איך פעסט באשלאָ־סען ביי זיך צו אנטלויפען קיין דייטשלאנד, ספּעציעל, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אז מיין פאטערלאנד איז שוין פריי זייט פיעלע וואכען. איך האָב געטריבען פון זיך דעם געדאנק, אז דארט קען פאָרקומען דאָס זעלבע. איך בין א דייטש, און איך האָב געהאט צוטרוי צום דייטשען פאָלק; איך בין געווען זיכער, אז די דייטשען, מיט זייער איינגע־באָרענעם געזונטען חוש, וועלען ניט לאָזען זייער לאנד רוי־אינירט ווערען צוליעב אן עקספּערימענט אויף לעבעדיגע מענשליכע וועזענס.

„ווען איך זאָל פאר דיר כאראקטעריזירען דאָס קאָמו־

ניסטישע רוסלאנד מיט איין ווארט — אפשר א צו הארבען ווארט — „שלאכטהויז” — זאָלסטו מיך ניט פארדריינקען.
אזוי איז עס. עס איז שוין מעהר ווי פיער יאָהר, ווי מיר האָבען זיך ניט געזעהן, און דיין לעצטער בריעף האָט מיך דערגרייכט מיט א יאָהר צוריק. איך ווייס ניט, וואסערע פארוואנדלונגען האָבען דורכגעמאכט מיינע אַנשויאונגען, אבער וואס זיי זאָלען ניט זיין, האלט איך פאר מיין פליכט, אלס אן אמת׳ער סאציאליסט, צו דערצעהלען דעם אמת.

„אויב דאָס, וואס איך האָב צוגעזעהן מיט מיינע אויגען, איז די פארווירקליכונג פון מיין לעבענסטרוים, זאָג איך זיך אפּ פון מיינע טרוימען. פארפאָלגונגען, לאנגע יאָהרען אין געפענגניס האָבען ניט געקענט טויטען מיין גלויבען אין דעם ענדליכען טריאומף פון דער אידעע, צוליעב וועלכער איך האָב אזויפיעל קרבנות געבראכט. און אָט האָב איך בייגעוואָהנט די אפּעראציע, וועלכע איז אזוי שווער, אזוי קאָמפּליצירט, אז אפילו דער גרעסטער כירורג וואלט זי ניט געקענט מאכען, און דאָ מאכען זי שוסטערס!

„סאָציאלע רעוואָלוציע! — גאָט מיינער, וויפיעל נעכט, חרשים און יאָהרען האָב איך געטרוימט וועגען דער ברידערליכקייט צווישען פעלקער, וועגען דעם, אז עס איז גענוג אראפּצוּוואַרפען דעם יאָך, אז מענשען וועלען ווערען ברידער, און די וועלט — דאָס קעניגרייך פון ליעבע, פרייהייט און פרייד!

„אך, די רייצשע טרוימען! די פארשאָלטענע ירושה פון דער ראסע!

„דאָס קאלטע לעבען, די גרויזאמע ווירקליכקייט האָט מיר געוויזען, אז איך בין געוועזען א פוסטער טרוימער, אז מיין גאנץ לעבען איז אוועק אין אינגעלשער טרוימעריי, אז די ווירקליכקייט האָט זיך פארבייגעטראגען פאר מיינע אויגען און איך האָב זי ניט געזעהן.

„איך בין דורכגעפאָהרען, טיילווייז דורכגעגאנגען דאָס קאָמוניסטישע לאנד, און זאָל פאַרשאָלטען ווערען יענע שעה, ווען איך האָב זיך אָפּגעגעבען אין געפאנגענשאפט, אנשטאט צו קעמפען און שטארבען. ווי גליקליך זיינען די טויטע!

„ווי א שווארצער, גרויזאמער חלום זעהט מיר אויס מיין גאנצע רייזע; אומעטום בלוט, בלוט, בלוט. איך האָב געלייענט די דעקרעטען פון טראָצקי, און ניט געגלויבט מיינע אויגען. זיי זיינען געשריבען געווארען פון א מאַן, וואס

האָט זיך פּאר א סאָציאַליסט! די דעקרעטען האָבען גי־
כער געקענט געשריבען ווערען פון א פיהרער פון א באַנדע
גזלנים, פון א חברה גערונגענע מעסערניקעס, פון אַלץ, וואס
דו ווילסט, אָבער ניט פון א מענשליכער באשעפעניש. איך
קען דיר ניט אויסדערצעהלען וועגען די הריגות אין וואלאג־
דא, טווער, מאָסקווע, פּעטראָגראַד, נארווא, פּסקאָוו — ניין,
ניין, איך קען ניט. איך פיהל דערביי דעמזעלבען גרויל, ווי
א מאַן, וואס ווערט געפיהרט צו דער תליה.

„קללות רייסען זיך פון מיינע ליפּען, און איך שיק זיי
צו יענע באַנדיטען — יא, איך, פרידריך דער אומקאָמפּראָ־
מיסליכער!

„איך קוק אויף אונזערע אָרימע דייטשען און טראכט:
שוין זשע וועלען זיך ביי אונז אויך ווייזען לעגינס, טראצקיס,
זינאוויעווס און נאָך אזעלכע לומפּען און משוגעים און ווע־
לען פיהרען אונזערע פּריצעס, יאָהאַנס און קארלס צום יאַט־
קע־קלאָץ, כדי צו קענען עקספּערימענטירען אויף זייערע ביי־
נער זייערע פּארווילדעטע באַגריפען פון מארקסיזם.

„ביי אונז איז איצט שטיל. די רעוואָלוציע איז ערגיץ
ווייט. מיר לעבען ווי אמאָל, אין דער היים פון מיין אלטער
מוטער, וועלכע האַלט אין איין ווײנען, קוקענדיג אויף מיר.
אויף דער וואנט העננט נאָך דער פּאָרטרעט פון יענעם אָפּ־
גאָט, און איך וויל ניט טויטען אין איהר דעם אלטען גלויבען,
ווייל איך האָב איהר ניט צו געבען קיין נייעם. מיין ברודער,
אָהן א פוס, קוקט אויף אלץ מיט מרה שחורה און גלויבט —
אָרימער יונג — אז די ענגלענדער זיינען אין אלץ שולדיג.

„איך האָב דיר א סך אָנגעשריבען, פריינד, אבער דורכ־
לייענענדיג עס, געפין איך, אז איך האָב דיר ניט געזאָגט א
הונדערט חלק דערפון, וואס איך האָב דורכגעלעבט. איך וועל
עס מוזען אפּלייגען אויף אן אנדער צייט, ווען איך וועל האָ־
בען פון דיר אן ענטפער. ווער ווייס, אפשר איז עס גאר דער
סוף פון אונזער פריינדשאפט, — אפשר ביזטו אויך געוואָ־
רען א באָלשעוויק לויט דעם רוסישען פּראגראם? — איין
גאָט ווייס!"

מיר וועלען שליסען מיט א ציטאַטע פון א רעפּאָרט,
וואָס איז פארעפענטליכט געוואָרען אין „נאָוואיאַ סיביר",
א סאָציאַליסטישע צייטונג, וואָס ווערט אַרויסגעגעבען אין
אירקוטסק. אין נומער פון 15טען נאָוועמבער, 1918, גע־
פינען מיר א באשרייבונג פון א סאציאַליסטישער פארזאמ־

לונג, אויף וועלכער ל ע אָ ן ג אָ ל ד מ אַ ן, א מיטגליד פון צענטראל קאָמיטעט פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבייטער פּאַרטיי*) האָט פאָרגעלייענט א באַריכט וועגען די צושטענדע אין רוסלאַנד אונטער די באָלשעוויקעס:

„חבר גאָלדמאַן האָט אין קורצע שטריכען איבערגעגעבען די געשיכטע פון דער סאָוועטען רעגירונג, פון דער ענטוויקלונג, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט, און האָט אָנגעוויזען אויף דעם פאַקט, אַז דער ארבייטער־קלאַס, וואָס האָט פריהער טריי געשטיצט דעם באָלשעוויזם, האָט איצט ערוואַכט צו דער טרויעריגער ווירקליכקייט. ער האָט געבראַכט א רייהע ביישפּילען, וואָס באַווייזען, אַז אין דער שטימונג פון די ארבייטער איז פאָרגעקומען א פאָלשטענדיגע ענדערונג. ניט קוקענדיג אויף די גרויזאַמע פאַרפאָלגונגען, טרעטען זיי אָפען אַרויס געגען דער צושטערענדער טאַקטיק פון די סאָוועטען. דער פאַקט אליין, אַז די ארבייטער פון קאָלוגא האָבען זיך אנטזאַגט טיילצונעמען אין א סאָוועטען־פּאַראַד, כאָטש פיעלע פון זיי זיינען דערפאַר דערשאָסען געוואָרען, איז א גענוגענדער באַוויז, אַז זיי ברעכען אָפּ מיט׳ן באָלשעוויזם. די גאַנצע דעלעגאַציע פון דער אוראַלער ארבייטער־קאָנפערענץ אין פעטראָגראַד איז אַרעסטירט געוואָרען. די דעלעגאַטען זיינען געווען פון די טיכטיגסטע טוער פון די ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָנען. מאַטראָזען פון דער מיטעללענדישער פלאָטע האָבען געשפּיעלט די הויפּט ראָלע ביים צוטרייבען די קאָנפערענץ. אין סאַרמאָוואָ זיינען פאָרגעקומען אויפשטאַנדען סיי פון די פויערים און סיי פון די ארבייטער; זיי זיינען אָבער באַלד אונטערדריקט געוואָרען. אין טאַמבאָווער גובערניע האָבען די פויערים רעוואָלטירט און פאַרטריבען די רויטע גווארדיע, און ווידער, זייענדיג ניט אָרגאַניזירט און אָהן וואַפען, האָבען זיי געמוזט גלייך זיך אונטערגעבען.

„גאָלדמאַן האָט אין זיין באַריכט ספּעציעל זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם אויפשטאַנד אין יאַראָסלאַוול. די באַפעלקערונג באַשטעהט דאָרט הויפּטזעכליך פון ארבייטער,

---

*) לעאָן גאָלדמאַן איז א ברודער פון דעם באַריהמטען בונדיסטישען פיהרער מ אַ ר ק ל י ב ע ר, וועמענס אמת׳ער נאָמען איז מ אַ ר ק ג אָ ל ד מ אַ ן.

און די ארבייטער פון אלע ווארשטאטען און אלע פאבריקען זיינען צוגעשטאנען צו דעם אויפשטאנד, האבענדיג די שטיצע פון א מיליטערישער ארגאניזאציאן, וועלכע איז געווען אונטער דער פיהרערשאפט פון גענעראל אלעקסעיעוו און באָרים סאווינקאוו. פאר'ן אויפשטאנד האבען די פיהרער געהאט ערקלערט, אז זיי וועלען דערצו ניט דערלאזען, סיידען מען וועט זיין זיכער מיט דער סימפאטיע פון די ארבייטער און פון די אנדערע קלאסען.

„טראָצקי האט ארייננגעשיקט א ווארנונג, אז אויב דער אויפשטאנד וועט ניט איינגעשטילט ווערען, וועט ער זיך ניט אפשטעלען אפילו פון צו מאכען א תל פון גאנץ יאראסלאוול און איהרע 40 טויזענד איינוואוינער, און ער האט געהאלטען וואָרט.

„כאטש ארומגערינגעלט פון 17 טויזענד רויטע גווארדייצעס, האט יאראסלאוול לאנג זיך געהאלטען, אבער זי איז דאך סוף כל סוף גענומען געווארען פון די באלשעוויקעס, וועלכע זיינען געווען בעסער באזארגט מיט ארטילעריע, ווי די באלאגערטע. און דאן האט זיך אנגעהויבען די בלוטיגע און גרויזאמע נקמה. דער גייסט פון צערשטערונג האט געבושעוועט איבער יאראסלאוול, וועלכע איז איינע פון די עלטסטע רוסישע שטעדט. באשרייבענדיג די גרוילען פון דער יאראסלאוולער טראגעדיע, האט גאלדמאן, פארבייגעהענדיג, באריהרט זעהר אן אינטערעסאנטען אינצידענט. די באלשעוויקעס, וועלכע זיינען אנגעקומען אויף לאוועס מיט דער וואלגא און האבען געהאלפען ארעסטירען די „בונטאָוושציקעס", האבען אליין זיך צעבונטעוועט און האבען אפגעהאלטען א מיטינג, אננעמענדיג א רעזאלוציע, וואס איז געווען פיינדליך צו די אינטערעסען פון זייער אייגענער פארטיי.

„טראָצקי'ס מעטאָדע אין קאמפף מיט געגנער האט אין גיכען געפונען אן אנהענגער אין דעם פרעזידענט פון וואלאגדער סאָוועט. יענער האט אויך ערקלערט, בשעת אן אויפשטאנד אין וואלאָגדא: „טראָצקי האט ניט געשאנעוועט די ארבייטער פון יאראסלאוול, וועל איך זיכער קיין רחמנות ניט לעגען אויף די קליינבירגער פון וואלאָגדא".

„רעדענדיג וועגען די גרויזאמע אונטערדריקונגס-מעטאָדען פון די באלשעוויקעס און וועגען די גרוילען פון זייער טעראָר, האט גאלדמאן אנגעוויזען אויף דעם פאקט, אז

אָפּיציערען און מיטגליעדער פון פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָנען ווערען דערשאָסען מאַסענווייז.

„די באָלשעוויקעס האָבען איינגעפיהרט אמת'ע אינקוויזיציאָנס מעטאָדען — א רעגעלמעסיגע סיסטעם פון מאַטערונגען און פּייניגונגען. אָפּיציערען זיינען ארויסגעקומען פון די פּעטראָגראַדער געפענגניסע מיט אויסגעריסענע נעגעל, די אַרעסטאַנטען זיינען געקאָרמעט געוואָרען מיט הערינג און זיי האָבען ניט געקראָגען צו טרינקען פאַר צוויי און דריי טעג.

„דורך די דאָזיגע געוואלט־מיטלען איז דער סאָוועטען־רעגיערונג געלונגען צו שאַפען אן ארמעע, וועלכע געהט אין שלאַכט קריצענדיג מיט די צייהן, אוים מורא, אַז די אונגאַרן זאָלען זיי ניט דערשיסען, ווי מען סטראַשעט זיי.

„חבר גאָלדמאַן האָט דורכגעדייזט רוסלאַנד, פאַרשטעלט אַלס קריעגס־געפאַנגענער, וואָס קעהרט זיך אום פון דייטשלאַנד, און ביי פיעלע געלעגענהייטען האָט ער בייגעוואָהנט סצענעס פון מערדערליכער פאַרוויסטונג און אויסגעצוואונגענער אונטערוואָרפענקייט. אין איין דאָרף האָבען די פּויערים איהם דערצעהלט, אַז בלויז 6 פון זייערע דאָרפסלייט זיינען געטויטעט געוואָרען אין דער מלחמה און 37 זיינען דערשאָסען געוואָרען אָדער פאַרשמיסען געוואָרען צום טויט זייט די באָלשעוויסטישע הוליע־טענץ האָבען זיך אָנגעהויבען.

„צום שלוס האָט ער גערעדט וועגען דעם חורבן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבען אריינגעבראַכט אין די אינדוסטריען. לויט ווי ער האָט ערקלעהרט, ווערען פון אַלע גרויסע פאַבריקען נאָך געטריבען בלויז די פּראָכאָראָווער און דאַנילאָווער פאַבריקען. אחוץ די, זיינען פאַקטיש קיין פאַבריקען איצט ניטאָ אין רוסלאַנד".

---

## 11. — רוסלאַנד, ווי אַן ענגלישער טרייד־יוניאָניסט האָט זי געזעהן.

א בילד פון די צושטענדע אין רוסלאַנד געפינען מיר אין דער לאָנדאָנער ליבעראַלער „וועסטמינסטער גאַזעט", אין אן אַרטיקעל, וואָס הייסט : „דער אמת וועגען רוסלאַנד", און וואָס ענטהאַלט אַן אינטערוויו מיט אַן ענגלישען ארביי־

טער, וועלכער איז געווען אין רוסלאַנד זייט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע ביז׳ן לעצטען יאַנואַר. די „וועסטמינ־סטער גאַזעט“ איז אַ לענגערע צייט געווען פריינדליך צו די באָלשעוויקעס. די „וועסטמינסטער גאַזעט“ זאָגט:

„קירצליך איז אָנגעקומען אין ענגלאַנד אַן עדות, וואָס האָט צוגעזעהן די אינערליכע צושטענדע אין רוסלאַנד — דאָס איז ה. וו. קילינג, וועלכער איז אפשר דער איינציגער ענגלענדער, וועלכער האָט געזעהן די באָלשעוויסטישע באַ־וועגונג פון אינווענינג און קען דאַרום פון זיין פּערזענליכער ערפאַהרונג דערצעהלען וואָס עס טראַכט און פיהלט דער רוסישער ארבייטער־קלאַס.

מר. קילינג איז אַוועק קיין רוסלאַנד מיט 5 יאָהר צוריק צו לערנען די ארבייטער פון אַ רוסישער פירמע געוויסע נייע פּראָצעסען אין ליטאָגראַפישער און דרוק־קונסט, אויף וועלכע די פירמע האָט געקויפט אַ פּאַטענט אין ענגלאַנד. פאַר 20 יאָהר כסדר איז ער געווען אַ מיטגליעד פון זיין ענגלישער טרייד־יוניאָן און ער איז צוגעלאָזען געוואָרען צו מיטגליעדערשאַפט אין דער רוסישער דרוקער־יוניאָן, און האָט אויף אַזאַ אופן פאַרבראַכט די גאַנצע צייט אַלס אַר־בייטער צווישען ארבייטער.

אין יאָהר 1918 איז ער ארומגעפאָהרען איבער רוס־לאַנד, עפּענענדיג וואַרשטאַטען צו פאַרריכטען אַלערליי זאַ־כען. אויף אַזאַ אופן האָט ער זיך געמאַכט אַזוי ניצליך, אַז די סאָוועטען־רעגיערונג, ניט האָבענדיג אַ סך אַזעלכע, איז באַשטאַנען אויף דעם ער זאָל פאַרבלייבען אין לאַנד. אין אָקטאָבער איז ער באַשטימט געוואָרען אויף דעם פּאָס־טען פון אויבער־פאָטאָגראַפיסט ביים קאָמיטעט פון פאָלקס־בילדונג. דער קאָמיסאַר פון פאָלקס־בילדונג איז לונאַ־טשאַרסקי, וועלכען קילינג באַשרייבט אַלס אַ גוטמוטיגען פאַנטאַזיאָר, וועמעס אויגען עס זיינען פאַרשלאָסען פאַר די ווירקליכקייטען פון באָלשעוויסטישען רעזשים. ווי קילינג האָט זיך ענדליך ארויסגעריסען פון רוסלאַנד, מיט וואָס פאַר אַ ריזיקע און לעבענס־געפאַהר ער האָט געמאַכט פּליטה איבער׳ן פינלענדישען גרענעץ — קען נאָך דערווייל ניט דערצעהלט ווערען. קילינג רעדט מיט שטרענגער אומפּאַר־טייאישקייט וועגען אַלץ, וואָס ער האָט געזעהן און געהערט.

מר. קילינג דערצעהלט: די באַפעלקערונג איז פון אָנ־פאַנג פון די באָלשעוויקעס איינגעטיילט געוואָרען אין פיער

קאַטעגאָריעס, וואָס האָבען בוכשטעבליך איבערגעקעהרט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ די סאָציאַלע קלאַסען פון אנדערע לענדער. צו דער ערשטער קאַטעגאָריע האָבען געהערט — פיזישע ארבייטער; צו דער צווייטער — קאָפּ־ארבייטער, אָנגענומען, אַז זיי באשעפטיגען קיינעם ניט; צו דער דריטער — יעדער איינער, וואָס באשעפטיגט אימיצען, אָנגעהויבען פון א בעל־הבית'טע, וואָס האַלט א דיענסט ביז צו א פאַבריקאַנט, וואָס באשעפטיגט טויזענד הענד; צו דער פערטער — די אַלע פריהעריגע רייכע לעדיג־געהער, פּרינצען, אַריסטאָקראַטען, געוועזענע גוטס־באזיצער און הויפּלינגע פון יעדען סאָרט.

אַלס שטראָף פאַר ניט פאָלגען די באָלשעוויקעס ווערסטו ארונטערגעזעצט פון א קלאַס, וואו דו קריגסט נאָך עפּעס צו עסען, צו א קלאַס, וואו דו קריגסט כמעט גאָרנישט. אין די לעצטע חדשים איז ניט געווען גענוג פאַר'ן ערשטען קלאַס און קוים גענוג פאַר די איבריגע קלאַסען. דער קלאַס פיער, די פריהעריגע רייכע, מוז איך זאָגען, איז פאַרשוואונדען; זיי זיינען אָדער אנטלאָפען פון לאַנד, אָדער זיינען פאַרהונגערט געוואָרען צום טויט, אָדער דערשאָסען געוואָרען, אָדער האָבען זיך פאַרשריבען אַלס ארבייטער, כדי צו קריגען עסען.

מעהר קען איך אייך ניט זאָגען, ווייל קיינער ווייס ניט מעהר. אייגענטליך זיינען פאַראן נאָר צוויי קלאַסען — איין קלאַס, וואָס קריגט עפּעס, און א צווייטער, וואָס קריגט אָפּיציעל כמעט ווי גאָרנישט. אום צו קריגען שפּייז, דאַרפסטו זיין מיט די באָלשעוויקעס, שטעלען זיי דיך אריין אין ערשטען קלאַס. עס איז זעהר שווער אריינצוקומען אהין און זעהר לייכט ארויסצופאַלען. זיי דעגראַדירען דיך פאַר דער מינדסטער אורזאכע, וואָס דו קענסט ניט ענטדעקען, און דאַן שטאַרבסטו פאַר הונגער. גאַנצע טרייד־יוניאָנס זיינען דעגראַדירט געוואָרען, ווייל זיי זיינען געווען געגנעריש צו די באָלשעוויקעס אָדער זיי האָבען מיט עפּעס זיך פאַרזינדיגט געגען זיי.

מען קען האָבען קאַרטעס און קופּאָנען, אָבער יעדער פּריוואַטער האַנדעל איז פאַרבאָטען, און כמעט אַלע געשעפטען אין פּעטראָגראַד זיינען געשלאָסען. עס זיינען פאַראן א פּאָר הונדערט שטאָדטישע געשעפטען, און עס הייסט, אַז איהר זייט בארעכטיגט צו קריגען א האַלב פונט ברויט א

טאָג. קארטאָפעל, פוטער, פלייש און צוקער האָבען פון געזעץ באשטימטע מעסיגע פרייזען; אָבער פאקטיש איז פאר א לאנגער צייט כמעט ווי גאָרנישט פארקויפט געוואָרען אויסער ברויט, און אין דעצעמבער האָט אפילו ברויט געפעהלט פאר זיבען טעג כסדר.

איך בין געזעסען זעקס טעג אָהן ברויט, דריי טעג אָהן עפּעס צו עסען אויסער דעם אזוי גערופענעם עפענטליכען מיטאָג, וואָס איז באשטאנען פון א וואסערדיגען זופ, א קליין שטיקעלע געזאלצענע פיש און אַן אכטעלע ברויט. מאנכעס מאָל פלעגען זיי מיר אָנבאָטען האָבער, ווי איך וואָלט געווען א פערד, ווען קיין ברויט איז ניט געווען. אַלע קינדער זיינען אריינגעשטעלט אין ערשטען קלאַס, ווייל לויט דער באָלשעוויסטישער אידעע דארפען אַלע קינדער זיין אונטער דער אויפזיכט פון שטאאט, ווען זייערע על־טערען געהען צו דער ארבייט, אָבער די קינדער שטארבען אויס מאַסענווייז.

ווען דו ביזט ניט אין ערשטען קלאַס, אָדער דו ביזט ארויסגעזעצט געוואָרען פון דעם קלאַס, דארפסטו אקערען און נישטערען און זעהן צו קריגען עפעס אין געהיים; ווייל דאָס איז א פארברעכען, פאר וועלכען עס קומט שטראָף, פאר וועלכען מען דערשיסט אפילו מאנכעס מאָל. מענשען פאָהרען ארויס אויפ׳ן לאנד, מיטנעהמענדיג מיט זיך עפעס, וואָס זיי רעכענען, אז די פויערים וועלען עס נעהמען אין אויסטויש אויף שפייז און זיי קריגען א זעקעל מעהל אָדער א ביסעל קארטאָפעל. אָבער עס איז געגען דעם געזעץ צו פארלאָזען די שטאָדט אָהן ערלויבניש, אָדער צו קויפען עפעס אויסערן שטאָדט, און די רויטע גווארדיע שטעלט אָפּ און באזוכט, ווען מען קומט צוריק, און וואָס זי געפינט, קאָנ־פיסקירט זי און ארעסטירט אָפט די לייט און פארשלעפט זיי ערגעץ.

איך האָב געזעהן א פרוי, וועלכע איז אוועק אין איהר היימישען דאָרף און באגראָבען דאָרט 30 פונט מעהל פאר איהרע קינדער, וועלכע האָבען געפוכנעט פון הונגער. זי איז געכאפט געוואָרען פון דער רויטער גווארדיע אויף דער סטאנציע, אויף איהר צוריקוועג, און זיי האָבען עס פון איהר אוועקגענומען, כאָטש זי איז געפאַלען אויף די קניה און געבעטען זיך מיט געוויין, זיי זאָלען לאָזען איהר האלטען בלויז א פאָר פונט.

און ווען זי האָט איינגעזעהן, אַז עס איז אומזיסט, האָט זי זיך אַרונטערגעוואָרפען אונטער די רעדער פון אַ צוג און איז דער׳הרג׳עט געוואָרען.

ראַכ ערגסטע איז, ווען איהר האָט אַ סך געלד אין קעשענע און קענט גאָרנישט קויפען דערפאַר. איך האָב געהאַט רובעלס אין ווערט פון 600 פונט (3 טויזענד דאָלאַר) און האָב ניט געקענט קויפען מיט זיי קיין שטיקעל ברויט. געלד זשאַלעוועט איהר ניט. איהר צאָהלט 5 שילינג (אַ דאָלאַר 25 סענט) פאַר אַ שטיקעל צוקער, אויב איהר קענט עס קריגען. אַן אַרבייטער׳ס שכירות איז 100 פונט (500 דאָלאַר) אַ חודש לויט דעם אַלטען ווערט פון רובעל, אָבער כאָטש ער קען נאָך קויפען אַ זייגערל פאַר 5 פונט (25 דאָלאַר), קען ער ניט קויפען קיין לעבעל ברויט פאַר 50 פונט (250 דאָלאַר). די לייט, וואָס האָבען שפּייז, ווילען עס ניט פאַרקויפען פאַר קיינע רובעלס, ווייל זיי זיינען גאָר נישט ווערט און עס איז גאָרנישט ניטאָ צו קויפען פאַר זיי, און אַזוי קענען די באָלשעוויקעס ניט קריגען קיין שפּייז, וויפיעל זיי מאַטערען זיך ניט און כאָטש זיי האָבען געשלעגען מיט די פּויערים צוליעב דעם.

פערזענליך גלויב איך, אַז עס איז פאַראַן גענוג שפּייז אין רוסלאַנד אויסצוהאַלטען יעדען ביים לעבען, ווייל דאָס לעצטע גערעטעניש איז געווען נישקשה, אָבער די שפּייז איז ניט צו קריגען — זי איז אָנגעזאַמעלט און באַהאַלטען.

ניין־צעהנטעל פון די, וואָס האַלטען מיט די באָלשעוויקעס, מאַכען נאָר דעם אָנשטעל, אַז זיי האַלטען מיט זיי, און זיי וואָלטען געטאָן אַלץ, אום פון זיי באַפרייט צו ווערען, ווען זיי וואָלטען געוואוסט ווי, וואָרים איהר מוזט געדענקען, אַז די באָלשעוויקעס זיינען קלוג גענוג צו שפּייזען נאָר אַזעלכע, פון וועלכע מען קען ערוואַרטען, אַז זיי וועלען געהן אין מלחמה. יעדער איינער, וואָס שטעהט צו צו דער רויטער אַרמעע, איז פאַרזיכערט מיט שפּייז פאַר זיך און מיט שפּייז פאַר זיין פרוי און קינדער. די אַרמעע ווערט געשפּייזט פריהער פון יעדען איינעם און איבער יעדען פאַר־גלייך מיט אַנדערע קלאַסען. קיין אַרבייטער וועט גאָרנישט קריגען, ביז די אַרמעע האָט ניט געקראָגען גענוג — אַזוי אַז גרויסע צאָהלען מענער שטעהען צו צו דער אַרמעע צו־ליעב דער שפּייז, וואָס זיי קריגען, און מוזען בלייבען אין דער אַרמעע אויס מורא צו פאַרלירען די שפּייז. אחוץ דעם, אויב זיי ווערען געכאַפּט ביי עפּעס אַ שווינדעל, ווערען

זיי ניט נאָר אַליין באַשטראָפט און דערשאָסען, נאָר זייערע ווייבער, פאַמיליעס און עלטערען וועלען מוזען שטארבען מיט א הונגער־טויט.

א מענש וועט אויסשטעהן כמעט אַלץ, אבי ניט צו זעהן זיין פרוי, קינדער און עלטערען אויסגעהן פון הונגער, און די באָלשעוויקעס מאַכען א טייוועלשען געברויך פון אַט דעם צוואַנג. און די סאָלדאַטען מוזען גוט אכטונג געבען, וואָרים עס זיינען פאַראַן א מאַסע שפּיאָנען צווישען זיי. און אויסער דעם, א חוץ די רעגולערע רויטע גוואַרדיע, איז אויך דאָ א ספּעציעל געקליבענע אַרמעע, וועלכע קריגט אַלץ, וואָס זי וויל, שפּייז און יעדע זאַך, און די אַלע ווייסען, אַז אויב זיי וועלען זיך ניט שלאָגען, וועלען זיי פאַרהונגערט ווערען — אַלזאָ, שלאָגען זיי זיך, אום אַליין זאַט צו זיין, און אום ניט צו דערלאָזען זייערע פרויען און קינדער צו פאַרהונגערען. אויף אַזאַ אופן האַלטען זיי זיך אויף ביים לעבען."

קילינג איז געפרעגט געוואָרען: ווי קענען די מענשען, וואָס שטעהען אין שפּיץ, לענין, טראָצקי און די איבעריגע — לענין מוז דאָך אומבאַדינגט זיין א מאַן מיט עטוואָס אינטעליגענץ און מענשליכקייט — ווי קענען זיי דאָס רוהיג צוזעהן? זיינען זיי טייוואָלים צי משוגעים?

„איך רעכען, — האָט קילינג געענטפערט, — אַז איהר וואָלט זיי געהאַלטען פאַר גאַנץ געזונטע מענשען לויט אונזערע באַגריפען, אָבער די אומשטענדען זיינען אַזעלכע, אַז זיי קענען זיך ניט העלפען און קענען עס ניט אָפּשטעלען, אַפילו זיי זאָלען עס וועלען. זיי האָבען הילפלאָז געמאַכט געוואַלדיגע שטרעקעס. דער באָלשעוויזם איז פאַקטיש געוואָרען דער קלאַסען־אינטערעס פון א הייפעלע פּריווילעגירטע, און לענין און טראָצקי מוזען ווייטער אָנהאַלטען דאָס סיסטעם — שפּייזען די ווענינגע, אויסהונגערען די פיעלע און שיסען די אומצופרידענע".

אויף דער פראַגע: וואָס זיינען דאָס פאַר מענשען, וועלכע קענען טאָג איין טאָג אויס אָנגהען מיט אַזעלכע טייוועלשע מעטאָדען, האָבענדיג פאַר זייערע אויגען אַזעלכע שוידערליכע בילדער פון עלענד? — האָט קילינג געענטפערט:

„די מאַיאָריטעט זיינען כמעט יונגע לייט, אייניגע — באַוואוסטע פאַרברעכער, ניט ווענינג נאָך גאָר אינגלעך, וועלכע מיר וואָלטען אָנגערופען כוליגאַנעס. איך האָב געקענט

א 17 יאָהרינגען אינגעל, וועלכער איז געווען קאָמיסאַר מיט מאַכט איבער לעבען און טויט, איבער א געגענד פון 40 דערפער. ער איז ארומגעגאנגען מיט זיין רעוואָלווער, און איינמאָל האָט ער דעם רעוואָלווער צוגעשטעלט מיר צום פנים, סטראַשענדיג צו דערשיסען אויפ'ן אָרט. איך האָב געוואוסט ווי צו האַנדלען מיט איהם, אָבער די רוסישע פויערים וויסען עס ניט. און אָט אזעלכע שנעקעם טע־ראָריזירען גאַנצע דיסטריקטען".

קילינג האָט אָפען צוגעגעבען, אז פון אָנפאַנג איז די באָלשעוויסטישע אידעע איהם געפעלען; ער האָט איין צייט געהאָפט, אַז זי קען זיין א טובה פאַר רוסלאַנד, אויב ניט פאַר דער וועלט בכלל.

— וואָס זשע האָט פּאַסירט מיט'ן רוסישען פאָלק ? — איז איהם געשטעלט געוואָרען א פראַגע. — אויב דער באָלשעוויזם איז אזוי שוואַך, ווי מען מאָהלט איהם, טו ווי קען א גאַנץ פאָלק איהם פאַרטראָגען ? — זיין ענטפער איז געווען :

— דאָס רוסישע פאָלק הונגערט, און ווען איינער הונ־גערט, טראַכט ער ניט וועגען די גרוילטאַטען, וואָס פּאַסירען אַרום איהם ; ער טראַכט וועגען קיין אַנדער זאַך ניט, אויסער שפּייז אויף צו דערהאַלטען זיין לעבען. ער טראַכט ניט, צי וועט ער אַליין דערשאָסען ווערען אָדער אַנדערע ווערען דערשאָסען. ער יאָגט זיך נאָך שפּייז, ווי א חיה. איך בין שוין פון רוסלאַנד ביי זעקס וואָכען צייט, און אַפילו נאָך היינט קען איך זיך ניט אָפּגעוואוינען ניט צו טראַכטען וועגען שפּייז. אַלע טאָג כאַפּ איך זיך אויף מיט דעם געדאַנק : וואו וועל איך נעמען מיין נעקסטען מאָלצייט ?

קילינג האָט זיך ברייטער אָפּגעשטעלט אויף דעם :

— אין איין זייט זיינען מיליאָנען, וועלכע זיינען צו פאַרשלונגען פון דעם זשעדנעם געדאַנק : וואו קריגט מען עסען פאַר זיך, ווייב און קינדער ? — אום צו קענען טראַכטען וועגען עפּעס, אויסער דעם אינטערעס פון מאָ־מענט, און וועלכע זיינען צו אויסגעמאַטערט, אום צו ווייזען ווידערשטאַנד ; פון דער אַנדער זייט, איז א פּריוועַ־ליגירט הייפעל פון פאַרהעלטניסמעסיג אָנגעקאָרמעטע מענ־שען, וועלכע זיינען גרייט צו יעדער גוואַלט־טהאַט און רציחה, אום איינצוהאַלטען זייער פּריווילעגיע און אום ניט אַריינצולאַזען זיך אין דעם ווירבעל־שטראָם פון

הונגער. וואָרום וואָס עס זאָל ניט געווען זיין די אָריגינעלע אידעע פון באָלשעוויזם — האָט קילינג געגעבען צו פאַרשטעהן — איצט באַשטעהט זי איינפאַך אין דעם, וואָס איינע זיינען באַגינסטיגט מיט דער פּריווילעגיע פון עסען און אַנדערע זיינען באַרויבט פון דער פּריווילעגיע, און אַלע אַנדערע געוואַלט־טהאַטען און רציחות זיינען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דער הויפּט־רציחה פון ניט געבען עסען.

קילינג האָט זיך ווידער גענומען באַשרייבען דאָס סיסטעם, רעדענדיג געלאַסען, אָהן אויפרעגונג, ווי ער וואָלט געלעבט אין אַ וועלט, וואו אַזעלכע גרוילען זיינען פון די נאַטירליכסטע זאַכען:

„די פּויערים האָבען זיך באַפרייט פון די גוטסבאַזיצער און זיי האָבען זיך גענומען צו דער חלוקה — צו דער פאַרטיילונג פון לאַנד. זיי האָבען אַ היבש ביסעל זיך געקריגט, אָבער בכלל האָבען זיי עס געמאַכט קלוג, יעדער האָט זיך צוערשט גענומען אַ שטיק פון בעסטען לאַנד און דאַן אַ שטיק פון ערגערען און אַזוי ווייטער. אָבער בעת עס איז געווען גענוג לאַנד פאַר איין דאָרף, איז ווייט ניט גענוג געווען פאַר'ן צווייטען דאָרף, אַזוי אַז די פאַרטיילונג איז גאָרניט קיין גלייכע געווען און עס איז געווען אַ סך אומצופרידענהייט. אַנשטאָט עס זאָל זיי זיין גוט ווי אין גן עדן, ווי זיי האָבען געהאָפט, האָבען זיי גאָרנישט געהאַט וואָס צו קאָסען, און דערצו האָבען די באָלשעוויקעס כסדר זיי באַאומרוהיגט און געסטראַשעט. זיי האָבען קיין טעע ניט געהאַט, קיין בראַנפען און קיין טאַבאַק. דאָס, וואָס טאַבאַק האָט געפעלט, איז געווען ביי זיי דאָס ערגסטע. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען ווי צומישט, ווי מענשען וואָס זיינען געוואוינט צו אָפּיום און פּלוצלונג מוזען זיי זיך באַגעהן אָהן דעם. פּויערים זיינען געפאַלען מיר צו די פיס און געבעטען טאַבאַק.

די פּויערים ארבייטען נאָר אויף אַזוי פיעל, אום צו דערהאַלטען זיך ביים לעבען. דאָס נעקסטע גערעטעניש וועט וואַרשיינליך זיין זעהר שלעכט, און דאַן וועט דער הונגער, וואָס בושעוועט איצט אין די שטעדט, זיך פאַרשפּרייטען איבער'ן לאַנד, און עס איז אַ שרעק זיך פאָרצושטעלען וואָס דאַמאָלס וועט זיין!

מיין איינדרוק איז, אַז לענין און טראָצקי ווייסען, אַז דער שפּיעל איז אויס, נאָר זיי ווייסען ניט, ווי ארויסצופּלאָנטערען זיך פון איהם און וואָס צו טאָן. דער מינדסטער

סמן פון שוואכקייט און זיי זיינען פארלאָרען. בלייבט זיי נישט מעהר, ווי אָנצוזעהן ווייטער, אויסראָטענדיג יעדערן, וועלכען זיי האַלטען פאַר געפערליך. אפילו ראַדיקאַלע סאָ־ציאַליסטען רעדען שוין וועגען דעם לעבען אונטער'ן צאַר, ווי וועגען די אַלטע גוטע צייטען.

עס איז שוידערליך צו לעבען איצט אין רוסלאַנד. ווען דו געהסט איבער פעטראָגראַד, זעהסטו קיינעם ניט לאַכען אָדער שמייכלען; מענער ווי פרויען קוקען אויס ווי שאַ־טענס; קינדער זיינען אַזוי אויסגעמאָרעט, ווי זיי וואָל־טען באַשטאַנען בלויז פון אויגען. מענשען האַלטען אין איין פארשווינדען און קיינער ווייס ניט, וואו זיי קומען אַהין. מיט פינף יאָהר צוריק האָט פעטראָגראַד געהאַט אַ באַפעלקערונג פון 2,400,000, איצט געפינט זיך דאָרט קוים 700,000.

איך האָב קיין פערזענליכע שנאה ניט צו די באָלשעוויקעס; זיי האָבען מיך באהאנדעלט אַזוי גוט, ווי זיי האָבען געקענט, אָבער איך בין אַן ארבייטער, אַ טרייד־יוניאָניסט, און מיר איז שווער צו הערען די ענגלישע אר־בייטער רעדען וועגען באָלשעוויזם, ווי וועגען אַ גרויסען גלענצענדען עקספערימענט, וואָס אַנדערע לענדער דאַרפען אָפּקאָפּירען. זיי מיינען אודאי, אַז זיי טוען אַ גרויסע טובה דעם רוסישען ארבייטער־קלאַס, ווען זיי זאָגען „ניין” אויף אַלע פלענער פון די עליים, ווי צו האַנדלען אין רוסלאנד. איך וואָלט וועלען איבערצייגען די ענגלישע ארבייטער, אַז דאָ איז ניט אַ פראגע פון פּאָליטיק אָדער טעאָריען, נאָר בלויז אַ פראגע פון מענשליכקייט; עס איז אונזער חוב גלייך צו העלפען! דאָרט איז אומגעהויערע ליידען און עלענד, און מיר מוזען זעהן עס אָפּצושטעלען, אויב מיר קענען.

איך וויל נאָך זאָגען, אַז די סאָציאַליסטען וועלען זיך קיין טובה ניט טאָן, ווען זיי וועלען זיך צונויפמישען מיט די באָלשעוויקעס און לאָזען דעם פאָלק דענקען, אַז ווען מען זאָל נעמען פּרובירען סאָציאַליזם, מוז זיך דאָס ענ־דיגען מיט אַגולגע מערדערייען און הונגער־טויט פון מי־ליאָנען. דאָס געגוי וועט פאסירען, ווען די ארבייטער ווע־לען צונויפמישען סאָציאַליזם מיט באָלשעוויזם און וועלען אָננעמען, אַז סאָציאַליסטען מוזען שטיצען די באָלשע־וויקעס”.

## 12. — דער „פּאראייניגטער סאָציאַליסטישער פראָנט” אין רוסלאַנד.

### אַז אויפגעבלאָזענער ליגען, וואָס האָט געפּלאצט.

מיט איניגע מאָנאַט צוריק זיינען אייניגע ניו יאָרקער באָלשעוויסטישע און האלב־באָלשעוויסטישע צייטונגען (דער „פּאָרווערטס”, די „קאָלל”, דער „נאָווי מיר”, די „נייע וועלט” און אַנדערע) ארויסגעקומען מיט אַ „סענסאַציע”, אַז די מענ־שעוויקעס און די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען האָבען אויפגעגעבען זייער קאמפּף מיט די באָלשעוויקעס און זיינען ענדליך צוגעשטאַנען צו דער סאָוועטען־רעגירונג. אַב. קאַהאַן האָט אַפילו וועגען דעם צוגעשיקט אַ ספּעציעלע קייבעל־רעפּעשע פון פּאַריז.

אייניגע ראַדיקאַלע בטלנים פון דער איסט־סייד האָבען זיך שוין אויף דעם סמך צוגעאיילט צו באשאַ־פען גאנצע טעאָריעס וועגען אַ „פּאראייניגטען סאציאליסטי־שען פראָנט.” עס האָט זיך זיי געלעגט אויפ'ן שכל: לע־נין איז געווארען אַלץ מעסיגער, איבערלעגטער, קליגער, ביז ער איז געווארען אזוי קלוג, ווי ער האָט געדארפט זיין פאר־צוויי־יאהרען אין דער צייט. און אונטער זיין איינפלוס איז די סאָוועטען־רעגירונג געוואָרען אַלץ רעספּעקטאַבעלער, ביז זי איז געווארען אזוי רעספּעקטאַבעל, אז אנשטענדיגע מענשען פּאסט שוין צו טאָן אַ שידוך מיט איהר.

און זיי, די נעכטיגע אנטי־באָלשעוויקעס, האָבען גענו־מען אויף זיך צו ערקלערען זיך אין ליעבע צו דער סאָוועטען־רעפּובליק, אין נאָמען פון אלע סאָציאליסטען.

איצט לאָזט זיך אויס, אז די גאנצע געשיכטע וועגען דעם, אז די רוסישע סאציאליסטען האָבען אויפגעגעבען דעם קאמף געגען סאָוועטען־רעזשים איז ניט־געשטויגען און ניט־געפלויגען; די חתונה איז געפּראוועט געווארען אָהן די מחותנים. און די, וואס האָבען געזאָלט זיין מחותנים, זיצען איצט אין די באָלשעוויסטישע געפענגנישען, אויב זיי האָבען ניט באוויזען צו אנטלויפען.

מיר גיבען וועגען דעם צווייערליי דאָקומענטען — פון די עס־ער'ן און פון די באָלשעוויקעס; די עס־עראָווסקע דאָקומענטען גיבען מיר בקיצור, און די באָלשעוויס־טישע — אינגאנצען, ווי זיי שטעהען און געהען, כדי די באָלשעוויקעס אונזערע זאָלען זיך איבערצייגען, אז אויב די

קאפיטאַליסטישע פרעסע בלאָפט, בלאָפט די באָלשעוויסטישע פרעסע א סך מעהר.

## צענטראַלער קאָמיטעט פון די סאָציאַליסטען רעוואָלוציאנערען לייקענט.

צוויי דאָקומענטען זיינען ארויסגענומען: דער ערשטער פון „אָטעטשעסטוועניא ווידאָמאָסטי", און דער צווייטער פון „גאָרני קראַי", וואס ערשיינען אין יעקאַטערינענבורג. אין אופא, ווי בעוואוסט, איז פאר־א־יאָהרען אָפּגעהאַלטען געוואָרען א קאָנפערענץ פון די דעפּוטאטען פון דער צעטריבענער גרינדונגס־פארזאמלונג, — דאָס איז דיזעלבע קאָנפערענץ, וואָס האָט אויסגעטיילט פון זיך דעם אַל־רוסישען דירעקטאָריום, מיט אווקסענטיעוו'ן, דעם פיהרער פון די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, אָן שפּיץ. אזוי ווי די גאַנצע גרינדונגס־פארזאמלונג, איז אויך די קאָנפערענץ געוועזען הויפּטזעכליך עס־עריש אין כאראקטער. אָט די קאָנפערענץ האָט ערוועהלט א שטענדיגע ביוראָ, וועלכע איז געזעסען אין יעקאַטערינעבורג.

אין דער פרעסע און אין דער געזעלשאַפט האָבען זיך געגומען פארשפּרייטען קלאַנגען, אַז די ביוראָ, פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג פיהרט אונטערהאנדלונגען מיט די באָלשעוויקעס וועגען שליסען שלום. געפינען מיר אין נום. 16 פון 29טען יאַנואר פון דער דערמאָנטער צייטונג אָן ערקלערונג פון א. ברושוויט, א מיטגליד פון דער ביוראָ, אַז די אַלע קלאַנגען זיינען בייזוויליגע ליגענס, וואָס ווערען פארשפּרייט פון די שונאים פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג. די ביוראָ האָט קיינעם ניט באַפאָלמעכטיגט צו פיהרען אונטערהאנדלונגען.

דער נומער 16 פון „גאָרני קראַי" ברענגט א רעזאָלוציע פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פארטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, אָנגענומען דעם 10טען דעצעמבער 1918, וועלכע װאָרענט די פארטיי־מיטגלידער, אַז די מלחמה מיט'ן באָלשעוויזם קאָן נאָר אויפגעגעבען ווערען, ווען די באָלשעוויקעס וועלען קאַפּיטולירען פאר דער גרינדונגס־פארזאמלונג און איבערגעבען איהר די מאכט. אַזוי ווי עס איז קיין האָפנונג ניטאָ, אַז די באָלשעוויקעס וועלען עס טאָן פרייוויליג, קאָן וועגען שלום קיין רייד ניט זיין. דאָס וואָלט געהייסען אויפאָפּפערען דעם פּרינציפּ פון דעמאָקראַטיע. די וואָס טוען עס, האָבען געבויגען זייער קאָפּ פאר דער רעאַקציע.

די וואַרנונג איז אונטערגעשריבען פון מיטגליד פון צענטראַלען קאָמיטעט ל. י. גערשטיין.

## סך הכל זעקס עס־ער׳ן האָבען זיך איבערגעבעטען.

ווער זיינען דאָס געוועזן די יעניגע, וועלכע זיינען אין געבראָכענעם מוט געלאָפען זיך איבערבעטען מיט די באָל־שעוויקעס? סך הכל זעקס מענשען. דאָס דערוויסען מיר זיך פון אַן ערקלערונג פון די פיהרער פון דער פאַרטיי סאָצ.־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע געפינען זיך אין פאַריז. זיי שרייבען:

פאַרלאָזענדיג זיך אויף דער ידיעה, וואָס איז ערשינען אין דער „איזוועסטיע", פון דער צענטראַלער סאָוועטען־עקזעקוטיווע, פון 6טען פעברואַר, 1919, לויט וועלכער די מיטגלידער פון צענטראַלען קאָמיטעט פון די עס־ער׳ן און פון קאָנגרעס פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג — בורעוואָי, שמעלעוו, סוויאַטיצקי, טשערנענקאָוו, ראַקיטניקאָוו און וואָל־סקי — זיינען אריין אין אַן אָפּמאַך מיט די באָלשעוויקעס און האָבען זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אָפּשטעלען די מלחמה געגען דער סאָוועטען־רעגירונג, איז מען אין אייניגע קרייזען געניינט צו דענקען, אַז דער אָפּמאַך איז געשלאָסען אין נאָמען פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען —

האַלטען די מיטגלידער פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען, וועלכע געפינען זיך איצט אין פאַריז — אַרגונאָוו, אווקסענטיעוו, א. מינאָר, ע. ראַגאַוווסקי, מ. סלאָ־נים, ב. סאָקאָלאָוו, וו. סוכאָמלין און וו. זענזינאָוו — פאַר זייער פליכט צו ערקלערען:

1) דער מאָסקווער אָפּמאַך טראָגט אַ ריין פּערזענלי־כען כאַראַקטער, ווייל אין נאָמען פון דער פאַרטיי האָט נאָר אַ רעכט צו ריידען דער פאַרטיי־קאָנגרעס און די פערזאָנען, וועלכע דער קאָנגרעס האָט ספּעציעל דעלעגירט פאַר דעם צוועק.

2) דערווייל בלייבט אין קראַפט די רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין מאַי 1918 דורך דעם העכסטען אָרגאַן פון דער פאַרטיי — דעם 8טען נאַציאָנאַלען קאָנגרעס — לויט וועלכען די סאָוועטען־רעגיערונג און די פאַרטיי באָלשעוויקעס ווערען ערקלערט פאַר שונאים פון דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם, און יעדע איינפאַרשטענדניס מיט זיי איז אַ פאַרברעכען".

טשערנאָוו האָט מיט די באַלשעוויקעס ניט פאַרהאַנ־
דעלט ; טשיטשערין האָט געזאָגט אַ ליגען.

אָט דער פריוואט געשפּרעך פון 6 ענטמוטיגטע עס־ער׳ן איז פון באָלשעוויסטישען דראָטלאָזען טעלעגראַף, פון די סאָוועטען־צייטונגען און מיט דער הילף פון באַלשעוויסטי־שען אויסערן־מיניסטער טשיטשערין אויפגעבלאָזען געוואָרען אין אַ שלום צווישען דער פּארטיי עס־ער׳ן — מיט דעם ספּעציעלען צוועק, צו פארבלענדען די עפענטליכע מיינונג איז אייראָפּא און אמעריקא. מען האָט זיך גע׳חנ׳דעלט צו די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען, מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועלען שענקען אַנערקענונג.

פון אַ לענגערער ערקלערונג פון דער דרום־ביוראָ פון צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּארטיי ס. ר. דערוויסען מיר זיך ווי די זאך איז צוגעגאנגען : טשיטשערין אַליין האָט אין אַ נאָטע פון 4טען פּעברואַר דערצעהלט דער וועלט, אַז דער גאנצער צענטראַל קאָמיטעט פון די עס־ער׳ן האָט זיך באַטייליגט אין די פאַרהאנדלונגען מיט דער סאָוועטען־רעגי־רונג. די דרום־ביוראָ רופט עס אָן א „גראָב־טענדענציעזע פאַלסיפיקאַציע“.

ווי די דרום־ביוראָ גיט איבער איז די זאך אזוי געוועזן : איינינע מיטגלידער פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבען אָנגעהויבען די פאַרהאנדלונגען און אויך ניט האָבענדיג אויף דעם קיין פולמאכט פון דער פּארטיי. ניט דער צענטראַל־קאָמיטעט און ניט טשערנאָוו, דער פיהרער פון דער פּארטיי, האָבען זיך אין די פאַרהאנדלונגען באַטייליגט. דאָס איז געוועזן אַ ליגען פון דער מאָסקווער „איזוועסטיא“. פון די 20 מיטגלידער פון צענטראַל קאָמיטעט איז געוועזן בלויז איינער — ב ו ר ע ו ו אָ י.

אַ צווייטער ליגען : די דריי פיהרער פון צענטראַל־קאָמיטעט — טשערנאָוו, ווערניאַפּין און איוואַנאָוו — זיינען לויט דער „איזוועסטיא“ ספּעציעל אַראָפּגעקומען קיין מאָסקווא צו פיהרען די פאַרהאנדלונגען. דער אמת איז, אַז זיי זיינען אין מאָסקווא קיינמאָל ניט געקומען. טשערנאָוו האָט צוגעשיקט אַ בריעף אין דער מאָסקווער ביוראָ פון צענ־טראַל קאָמיטעט, אין וועלכען ער טרעט אַרויס ק א ט ע־ג אָ ר י ש ג ע ג ע ן י ע ד ע ן אָ פּ מ אַ ך מ י ט ד י ב אָ ל ש ע ו ו י ק ע ס.

אַ דריטער ליגען : די „איזוועסטיא“ פון 7טען פּעב־רואַר האָט פאַרעפענטליכט אַן אויפרוף אין נאָמען פון די

„פיהרענדע קרייזען“ פון די עס־ער׳ן, וואָס פאָדערט אויף אַלע ארבייטער פון אַלע פּארטייען זיך צו פאראייניגען ארום דער סאָוועטען־רעגירונג. דעם בריעף האָט געשריבען איין מאַן — סוויאטיצקי — און האָט אויסגעדריקט זיין פּערזענ־ליכע מיינונג, ווי ער האָט עס אַליין געמאָלדען אין דערזעל־בער „איזוועסטיא“ פון 11טען פעברואר.

## קאָנפערענץ פון דער פּאַרטיי עס־ער פּראטעסטירט גע־גען די זעקס איבערלויפער.

דעם 6טען פעברואר האָט זיך אין מאָסקווע געעפענט א קאָנפערענץ פון דער פּארטיי עס־ער׳ן, אויף וועלכער עס זיינען געווען פארטראָטען 37 אָרגאַניזאַציעס.

די קאָנפערענץ האָט שארף פּראָטעסטירט געגען די פּארהאנדלונגען פון דער אופאער דעלעגאציע מיט דער סאָ־וועטען־רעגירונג; די פּארהאנדלונגען מוזען גלייך אָפּגע־שטעלט ווערען. עס קאָן שאפען דעם איינדרוק, אַז די פּארטיי גיט זיך אונטער דעם דעספּאָטיזם פון די באָלשעווי־קעס; עס וועט אריינברענגען אַ צעמישונג אין די רייהען פון די פּארטיידיגער פון פאָלקס־הערשאפט און העלפען די שונאים פון דעמאָקראטיע אין זייער מלחמה געגען דער אידעע פון א גרינדונגס־פארזאמלונג ניט נאָר אין רוסלאנד, נאָר אויך אין אויסלאנד.

די פּארטיי מוז ווייטער באַשטעהן אויף איהר גרונד־פּאָדערונג — פ א ר ר ו פ ע ן ד י ג ר י נ ד ו נ ג ס־פ א ר ז א מ ל ו נ ג, א ו י פ ש ט ע ל ע ן ד י ל אָ ק א־ל ע ז ע ל ב ס ט־פ א ר ו ו א ל ט ו נ ג ע ן א ו י ף ד ע ם ב אַ ז י ס פ ו ן אַ ל ג ע מ י י נ ע ם, ד י ר ע ק־ט ע ן, ג ל י י כ ע ן א ו ן ג ע ה י י מ ע ן ו ו א ה ל־ר ע כ ט.

און די רעזאָלוציע ענדיגט זיך, אַז די אופאער דעלע־גאציע, ווי זי גיט דאָס אליין צו, האָט קיין פולמאכט ניט געהאט צו ריידען אין נאמען פון דער פּארטיי.

(אַ קאָפּיע פון דער רעזאָלוציע איז אָפּגעדרוקט אין דער מאָסקווער צייטונג „וועסגדא ווּפּערייאָד“ — „אימער פאָר־ווערטס“ — פון 11טען פעברואר).

## סאוועטען־רעגיערונג באַשטעטיגט איהר ליגען מיט אַן „אַמנעסטיע“.

אָבער די סאָוועטען־רעגירונג האָט געדארפט דעם „שלום“. די וועלט מוז וויסען ווי שעהן און פיין זי איז.

עס הערשט רוה און אָרדענונג אין סאָוועטען־רוסלאנד. אלע זיינען מיט דער סאָוועטען־רעגירונג, קיין אָפּאָזיציע. האָט זי, ניט קוקענדיג אויף די פּראָטעסטען פון עס־עראָווסקען צענטראל קאָמיטעט און פון דער מאָסקווער קאָנפערענץ, אָנגעהאַלטען דעם בלאָף ווייטער. זי איז געפאלען אויף א פּלאַן: זי וועט דעם בלאָף באשטעטיגען מיט א שטיקעלע אמת. זי האָט זיך ענטשלאָסען אויף א „ריזיקאלישען“ שריט: זי וועט ווערען אביסעל דעמאָקראטיש, און זי האָט געלאָזט וויסען דער וועלט, אז זי שענקט אמנעסטיע אלע איהרע שונאים, ווייל פּשוט, עס זיינען מעהר קיין שונאים ניטאָ; ניט נאָר די עס־ער׳ן, נאָר אויך די מענשעוויקעס האָבען זיך פאראייניגט מיט איהר און שטיצען זי.

די עס־ער׳ן און די מענשעוויקעס האָבען זיך געמאכט, ווי זיי גלויבען דער סאָוועטען־רעגירונג אויפ׳ן וואָרט, און האבען געפּרואווט אויסנוצען די אמנעסטיע. טשערנאָוו, ניט ריזיקירענדיג אליין אראָפּצוקומען אין דער באָלשעוויס־טישער הויפּט־שטאָדט, האָט פון דאָס ניי גענומען ארויס־געבען דעם צענטראל אָרגאַן „דעלאָ נאראָדא“, רעדאגירענדיג איהם פון דער ווייטענס. מארטאָוו, דאַן, אבראמאָוויטש און די איבעריגע פיהרער פון די מענשעוויקעס, האָבען זיך אראָפּגעלאָזען קיין מאָסקווע. אָבער צי האָבען זיי זיך פאראייניגט, אויף ווי ווייט די אמנעסטיע האָט זיי גוט געטאָן, און ווי לאנג די אמנעסטיע האָט אָנגעהאלטען — אויף דעם האָבען מיר באָלשעוויסטישע דאָקומענטען, צו וועלכע מיר געהען איבער.

## ווי די מענשעוויקעס האָבען זיך „פאראייניגט“ מיט די באָלשעוויקעס.

אין נומער 270 פון דער באָלשעוויסטישער „איזוועסטיא“, פון דער צענטראלער סאָוועטען־עקזעקוטיווע, געפינען מיר א באריכט וועגען א פארזאמלונג אין מאָסקווע, אויף וועלכער עס זיינען ארויסגעטראָטען מיט רעדעס ל. מארטאָוו, א. יערמאנסקי, פ. דאַן און ר. אבראמאָוויטש.

מארטאָוו האָט ערקלערט:

„אלס פּארטיי פון ארבייטער־קלאַס, זוכען מיר אריבער־צוגעהן פון באָלשעוויזם צו דער אָרדענונג פון דעמאָקראטיע און גרינדונגס־פארזאמלונג“.

יערמאנסקי האָט גערעדט וועגען דער דייטשער רעוואָלוציע:

„די דייטשע רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבען; אָבער געזעהן זי אַזוי, ווי מיר האָבען ערוואַרט? ניין. איהר דראָהט אַ טויטליכע געפאַהר. די רעוואָלוציע אין דייטש־לאַנד האָט ניט קיין גענוגענדען גרונד אונטער זיך. זי איז דער רעזולטאט פון דער מפּלה, וואָס דער דייטשער מיליטאַ־ריזם האָט געכאַפּט אויפ'ן שלאַכטפעלד, אָבער ניט פון אַ לאַנגזאַמען אָפּגרעניצונגס־פּראָצעס פון די קלאַסען־כחות. זי איז אַרויסגעקומען אַ היסטאָרישער „מפּיל“; דאָס סאָל־דאַטענטום האָט אַרויפגעלעגט זיין שטעמפּעל אויף דער רעוואָלוציע“.

און יערמאַנסקי פיהרט ווייטער אויס, אַז די באָלשע־וויקעס, וועלכע האָבען זיך צוגעאיילט מיט אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד מיט דעם אויסקוק אויף דער רעוואָ־לוציע אין דייטשלאַנד, האָבען געמאַכט אַ ריזיקאַלישען חשבון.

„ווען די דייטשע רעוואָלוציע וועט צוזאַמענברעכען, זיינען מיר פאַרלאָרען!

דאַן האָט געווידמעט זיין רעדע דער פּאָליטיק פון סאָוועטען־סאָציאַליזם:

„נאָך אַ טריט — האָט ער געזאָגט — און מיר וועלען שמירצען אין אָפּגרונט. סאָציאַליזם ווערט ניט איינגע־פלאַנצט אין רוסלאַנד, ער ווערט נאָר אויף איהר אַרויפגע־צוואונגען“.

אָפּשטעלענדיג זיך אויף דעם, וואָס איז דערגרייכט געוואָרען פאַר דעם לעצטען יאָהר האָט דאַן געזאָגט:

„וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרען פאַר דעם יאָהר באָל־שעוויסטישע הערשאַפט? גאָרנישט. די פּאָליטיק פון רויטע־אַרמעע־סאָציאַליזם האָט נאָר געשעדיגט דעם אַרביי־טער־קלאַס. די באָלשעוויקעס קאָנען גאָרנישט באַשאַפען. וואָס זאָגען זיי צו דעם פויער? מיר וועלען דיך מאַכען פאַר אַ פרייען בירגער; אָבער צוערשט וועלען מיר דיר מאַכען פאַר אַ קבצן“.

דאַן האַלט, אַז עס איז פאַראַן נאָך איין אויסוועג פון דער לאַגע — „דורך דעמאָקראַטיע צו דער גרינדונגס־פאַר־זאַמלונג“.

אין דער פאָרגעשלאָגענער רעזאָלוציע ערקלערען די מענשעוויקעס, אַז די רוסישע רעוואָלוציע קאָן נאָר געראַטעט ווערען, ווען מען וועט ניט פאַרשווענדען נאָר שאָנעווען און

ענטוויקלען די פּראָדוקציאָנס־כּחות, ווען מען וועט אָרונטער־נעמען די פּענטעס פון דער זעלבסט־טעטיגקייט פון פּראָלע־טאַריאַט און באַפרידיגען די אינטערעסען פון די פּויערים.

די רעזאָלוציע איז ניט געשטימט געוואָרען צוליעב דעם אומאויפהערליכען טומעל, וואס האָט געהערשט אין זאַל."

## פּעטראָגראַד ענטדעקט אין מאָסקווע א „נעסט" פון אָפּאָזיציע.

— אַזוי דאַנקען זיי אָפּ פאר דער אמנעסטיע ? — זיינען די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען געוואָרען „דעמאָ־קראַטען", איבערראַשט געוואָרען.

— זיי קריטיקירען גאָר ! פארמאַכען זיי די מיילער !

— איז געוואָרען א געשריי אין דער באָלשעוויסטישער פּרעסע. — וואָס קוקט די רעגירונג ? !

א „סעמפּעל" פון דער באָלשעוויסטישער טאָלעראַנץ וועלען מיר דאָ געבען.

אָט איז אן אויסצוג פון דער פּעטראָגראַדער „סעווערנאיא קאמונא" נומער 70, פון 29טען מערץ, 1919.

„סטעקלאָוו'ס רעדע אין פּעטראָגראַדער סאָוועט.

„פון דער זייט פון די סאציאַליסטען־רעוואָלוציאנערען האָט מיט אונז געפיהרט פארהאנדלונגען די אזוי גערופענע אופּער דעלעגאַציע פון די „גרינדלינגע" (דעפּוטאַטען צו דער גרינדונגס־פארזאַמלונג), וועלכע האָט איבערגעריסען מיט קאָלטשאַק'ן, אָבער די צייטונג „דיעלאָ נאראָדאַ" גי־בען ארויס אין מאָסקווע ניט די מיטגליעדער פון דער אופּער דעלעגאציע, נאָר גאָר אנדערע עס־ער'ן — ווי הערר טשער־נאָוו און נאָך, וועלכע האָבען דורך רעזאָלוציעס פארדאַמט די אופּער דעלעגאציע און האָבען קיין אַפּמאַך ניט אונטערגע־שריבען מיט אונזער פּאַרטיי.

„אין איצטיגען מאָמענט האָבען די מענשעוויקעס און עס־ער'ן איבעראַל — אין פּעטראָגראַד, מאָסקווע און די גרענעץ־געגענדען — פון דאָס ניי זיך גענומען פאר זייער קאָנטר־רעוואָלוציאנערער אַרבייט. און דער־ביי איז דער גאַנצער פריהערדיגער אונטערשיעד צווישען די לינקע און רעכטע עס־ער'ן אָפּגעווישט געוואָ־רען, א. זיי טרעטען אלע צוזאמען ארויס אַלס איין קאָנטר־רעוואָ־

ל ו צ י אָ נ ע ר ע מ א ס ע. זיי האָבען אַלע איי־
נע און דיזעלבע אגיטאַציאָנס־מעטאָדען — פריהער
פון אלץ ווייזען זיי אן אויף דעם עקאָנאָמישען חורבן. אין
לעצטען נומער פון „דיעלא נאראָדא״ רעדט טשערנאוו אין
א טריאומפירענדען טאָן — זעהט, אלע לענדער האָבען אויפ־
געהערט מלחמה צו האלטען, בלויז רוסלאנד איז ארומגעכאפט
מיט דעם פייערדיגען רינג פון מלחמה און בלאָקאדע.

„דער צווייטער מיטעל זייערער איז — סיסטעמאטישע
אויפהעצונג פון די פויערים געגען די ארבייטער.ביידע פאר־
טייען (די סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען און מענשעווי־
קעס) ערקלערען, אַז זיי זיינען געגען אויסלענדישער אריינמי־
שונג אין רוסישע אנגעלעגענהייטען, און צו דערזעלבער צייט
ארבייטען זייערע פארשטעהער אין אויסלאנד, ווי סאווינקאוו
צום ביישפיעל, פאר אריינמישונג און טוען אלץ וואס זיי קאָ־
נען, צו דערגרייכען זייער צוועק. ווען מען ווייזט זיי אָן דער־
רויף, ענטפערען זיי: סאווינקאוו און ברעשקאווסקאיא זיינען
ניט קיין מיטגליעדער פון אונזער פארטיי און מיר זיינען פאר
זיי ניט פאראנטווארטליך. אבער אנדערע אָנהענגער פון אינ־
טערווענציע, ווי אקסעלראד, רובאנאָוויטש און רוסאנאוו,
וועלכע ווירקען אין אויסלאנד, זיינען דאָך אָפיציעלע פאר־
שטעהער פון אָט די פארטייען. דאָס נאָך ווייניג, איז ניט
לאנג צוריק פארעפענטליכט געווארען אן אפיעל פון די מענ־
שעוויקעס צו די סאציאליסטען פון אנדערע לענדער. כאָטש
זיי זאָגען דארט זיך ארויס געגען אינטערווענציע, דאָך, דער
אפיעל איז איבערפילט מיט ליגענס און בלבולים אויף דער
סאוועטען־מאכט.

„ווייטער ציטירט גענאָסע סטעקלאָוו אן ארטיקעל פון
„דיעלאָ נאראָדא״, אין וועלכען די באָלשעוויקעס ווערען
אויפגעפאָדערט אָפצוזאָגען זיך פון מאכט און איבערגעבען
זי צו דער גרינדונגס־פארזאמלונג.

„און סטעקלאָוו ענדיגט מיט גרויס צאָרן: ארויסוואר־
פען אָט די אַגענטען פון וועלט־אימפעריאַליזם פון דער טערי־
טאַריע פון סאָוועטען־רוסלאנד; פארשיקען זיי אין קאָל־
טשאַק׳ס מדינה, אין קעניגרייך פון דער בורזשואַזיע.

„אויסהערענדיג די רעדע, האָט דער פעטראָגראַדער
סאָוועט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע, וועלכע איז פאָרגע־
שלאָגען געוואָרען פון זינאָוויעוו׳ן:

„— דער פעטראָגראַדער סאָוועט ציהט די אויפמערק־

זאמקייט פון „סאָוונארקאָם“ (ראַט פון פאָלקס־קאָמיסארען) צום פאָלגענדען פאקט: א גרויסע צאָהל פון מענשעוויקעס און עס־ער'ן—רעכטע און לינקע—באַנוצען זיך מיט דער אַמנעסטיע און וואָרט־פרייהייט, וואָס איז זיי געגעבען געוואָרען, אום צו שפּיעלען די ראָלע פון אגענטען פון דער רוסישער ווייסער גוואַרדיע און פון דער פראנצויזיש־ענגלישער בורזשואזיע אויף דער טעריטאָריע פון דער סאָוועטען־רוסלאנד. א טייל פון די אויפרופען, וואָס די עס־ער'ן און מענשעוויקעס לאָזען ארויס, שטימען פאָלשטענדיג, אָפטמאָל אפילו אין סטיל, מיט די אויפרופען, וואָס ווערען פארשפּרייט פון די רוסישע ווייסע גוואַרדייצעס אויף אוראַל, אין פינלאנד און אין עסטלאנד. דער פּעטראָגראַדער סאָוועט קאָנסטאַטירט, אז די פארפליכטונג, וואָס די אופּער דעלעגאַציע עס־ער'ן פון דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָט גענומען אויף זיך, ווערט נים געהאַלטען, און אז אין דער צייטונג „דיעלאָ נאַראָדא“ טרעט גאָר ארויס א גרופּע עס־ער'ן פון גאַנץ באַשטימטע קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע אנשויאונגען“.

אָט אזוי זיינען די פאקטען, ווי די באָלשעוויקעס גיבען זיי אליין איבער.

## די נאָכוועהענישען פון דער „אַמנעסטיע“.

מיר שליסען די דאָקומענטען מיט א בריעף פון וולאדימיר זענזינאָוו, דעם געוועזענעם סעקרעטער פון צענטראלען קאָמיטעט פון די עס־ער'ן און רעדאקטאָר פון צענטראל־ארגאַן „דיעלאָ נאַראָדא“. דער בריעף איז ארויסגעשיקט פון פאַריז דעם 24טען אפּריל און איז אדרעסירט צו די פאַראייניגטע סאָציאַל־דעמאָקראַטען און סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען פון ניו יאָרק. דער בריעף לייענט זיך:

„איך באַנוץ זיך מיט דער געלעגענהייט צוצושיקען אייך איניגע דאָקומענטען, וועלכע לייקענען אבסאָלוט די לעגענדע, אז די עס־ער'ן און די באָלשעוויקעס האָבען געשלאָסען אַן אָפּמאַך — א לעגענדע, וועלכע האָט שוין געבראַכט גענוג שאַדען. מיר האָבען די טעג באַקומען א גרויסען מאַטעריאַל פון רוסלאנד, וועלכער וועט פארעפענטליכט ווערען אין אָרדענונג. די סאָוועטען צייטונגען טיילען מיט, אז אין מערץ זיינען אין מאָסקווע ארעסטירט געוואָרען דאַן, גאָרעוו (ליבער'ס ברודער) און וויינשטיין (מארטאָוו האָט באַוויזען צו אנטלויפען). וועלענדיג צוגעבען א פּארטייאישען כאראקטער די פּריוואַטע, פּערזענליכע פארהאנדלונגען, וואָס איניגע עס־ער'ן האָבען געפיהרט מיט איהר, האָט די סאָווע־

כען־מאכט זיך צוגעאיילט צו אמנעסטירען די גאנצע פארטיי עס־ער׳ן. דערמיט האבען זיך באנוצט איינינע עס־ער׳ן, מיט טשערנאוו׳ן אן שפיץ, און האבען אין דער צווייטער העלפט פון מערץ ארויסגעלאזען אין מאסקווע איינינע נומע־רען פון „דיעלא נאראדא״ מיט דעם פריהערדיגען פראגראם: פ א ר א ג ר י נ ד ו נ ג ס ־ פ א ר ז א מ ל ו נ ג, ג ע ג ע ן ד ע ר ד י ק ט א ט ו ר פ ו ן ד י ב צ ל ש ע ו ו י ק ע ס. איצט איז די „דיעלא נאראדא״ פ א ר מ א כ ט. און די סאוועטען־מאכט האט געמאכט א רייהע ארעסטען — אויך צווישען די לינקע עס־ער׳ן. פון זיי זיינען ארעסטירט געווארען ביי 200 מאן, צוזאמען מיט זייערע פיהרער — ספירידאנאווא, שטיינבערג, טרוטאווסקי און אנדערע.

„איהר זעהט, אלזא, וואס דאס איז געווען אזוינס דער „פאראייניגטער סאציאליסטישער פראנט אין סאוועטען־רוסלאנד״, מיט וועלכען די פרא־באלשעוויקעס האבען לעצטענס אזוי פיעל ספעקולירט״.

ו. זענזינאוו״.

ספיראראנאווא, ווי עס איז באוואוסט פון דער אפי־ציעלער מאסקאווער רעגיערונגס־מיטיילונג, איז פון די באלשעוויקעס פאראורטיילט געווארען צו א יאהר משוגעים־הויז, — „אום צו ברענגען אין ארדנונג איהרע „צופאהרענע״ נערוועז״, ווי דער אפיציעלער אורטייל דריקט זיך אויס מיט שפאט!

אזוי האט געפלאצט דער „פאראייניטער״ סאציאליס־טישער פראנט. ניט נאר די רעכטע סאציאליסטען־רעוואָ־לוציאנערען און די מענשעוויקעס, וועלכע האבען זיך ״פאראייניגט״ מיט די באלשעוויקעס, נאר אויך די לינקע עס־ער׳ן, וועלכע זיינען איינס מיט זיי — אויך באלשעווי־קעס, נאר אביסעל אנדערש — זיצען איצט אפ די באלשע־וויסטישע אמנעסטיע אין די באלשעוויסטישע טורמעס. און די פון זיי, וואס זיינען געבליבען אויף דער פריי פיהרען צו־זאמען מיט דער איבעריגער דעמאקראטיע פון רוסלאנד ווייי־טער אן דעם קאמף געגען דעם בלוטיגען באלשעוויסטישען רעזשים און פאר א גרינדונגס־פארזאמלונג, וואס זאל שאפען פריעדען און רוה אין לאנד און אומקעהרען צוריק דעם פאלק די פרייהייטען, וועלכע ער האט געוואונען אין דער הערליכער רעוואלוציע פון מערץ 1917.

200